ג. שילין

# קוואַ!



№ 74

שול-פּיאָנערן ביבליאָטעק

צענטראפארלאג

שול־און פיאָנערן־ביבליאָטעק

געאָרגי שילין

# קאַמאָ

(טער־פעטראָסיאַנץ)

יידיש — ש. בריאַנסקי

№ 74

דערלויבט פונעם מעלוכישן וויסנשאַפטלעך־מעטאָדאָ־
לאָגישן קאָמיטעט פון פאָלקאָמבילד או. ס. ר. ר.
צו באַנוצן אין די קינדערשע ביבליאָטעקן

צענטרפאַרלאַג
כאַרקאָוו 1931 קיִעוו

די ביבליאָגראפישע פארצייכע־
נונג פונ דעמ בוכ אונ די שיפערנ
פאר ביבליאָטעק־קאטאלאָגנ זײַנענ
אָפגעדרוקט אינ „צײַטשריפט פונ
דרוק“ אונ אינ דעמ „קארטנ־רע־
פערטואר“ פונ דער אוקראַינישער
ביכער־פאלאטע.


אוקר. פאָליגר. פארײניקונג
זשיטאָמיר, 24־טע דרוק, ק. מארקס גאס, 10
באשט. № 4568. געדר. 3000. 55/8 דר. בויגנ
קיעוו. שטאטליט 1816_(2143).

# I

אינ א הייסנ יולי־טאָג 1904 יאָר איז פונ דער באטומער טורמע אנטלאָפנ אנ ארעסטאנט. א צעטראָגענער, האָט דער אופזעער לעפיש זיכ ארײַנגעוואַלגערט אינ קאבינעט צומ טורמע־שעפ אונ האָט ראפּאָרטירט וועגנ דעמ אומגליק.

— וואָס הייסט אנטלאָפנ? פארוואָס? — אונ, ניט דערוואַרט זיכ אפ קיינ ענטפער, האָט דער שעפ זיכ צעשריגנ:

— דער רועכ ווייסט... דער רועכ ווייסט וואָס! ניט קיינ וואכ, נאָר עפּעס גימנאזיסטקעס! ארויסיאָגנ אלעמענ! אינ קארצער ארײַנ, אינ קארצער!

50 יאָר האָט די באטומער טורמע געשעמט פאר דער זי־בערסטער טורמע אפ גאנצ טראנסקאוקאז. אנטלויפנ פונ באטו־מער מוסטער־טורמע, האָט זיכ אויסגעוויזנ, א״ז אומעגלעכ.

האָט זיכ געדארפט טרעפנ דידאָזיקע געשעעניש פּונקט אינ דעמ טאָג, ווענ מע האָט זיכ געריכט אפנ פראָקוראָר פונ טיפליס!

„גוט מאָרגנ, אײַער הויכ־ווילגעבירטיקײַט, הער פראָקו־ראָר! — וועט דער טורמע־שעפ זאָגנ דעמ פראָקוראָר. — אלצ איז קעשורע. ערשט א שאָ צוריק איז אנטלאָפנ אנ ארעס־טאנט — ספּעציעל לעקאָוועד דעמ אָנקומענ פונ אײַער הויכוויל־געבירטיקײַט"... אָט דאָס הייסט — א מוסטער־טורמע!

דער שעפ האָט נאָכ ניט געוווסט דעמ נאָמענ פונעמ אנט־לאָפענעמ. ס׳איז א כילעק ווער? דער נאָמענ פונ דער מוסטער־טפיסע איז פארפלעקט.

— מיטלען אָנגענומענ? — האָט ער א פרעג געטון, — נאָכיאָ־גער ארויסגעשיקט? דעם הויפ אונטערזוכט? ווער איז אנט־לאָפנ?..

— וואָ־אָס? וואָס האָסטו געזאָגט? א? — האָט זיך צעשריגנ דער שעפ, רויט ווערנדיק און ביט קענענדיק זיך איינהאלטנ, אז ער האָט דערהערט דעם נאָמענ פונ דעם אנטלאָפענעם.

— קאמאָ, — האָט דער אופזעער איבערגעבאזערט.

— קאמאָ... גאָט מיינער, וואָס ווילנ זיי פונ מיינ לעבנ! ארויס־יאָגנ אלעמענ! אלעמענ אינ טפיסע אריינ! ניינ, זיי האָבנ מיך דאָך אומגליקלעכ געמאכט, געקוילעט... אינ דער ערד אריינ וועלנ זיי מיך פארטרייבנ. ניינ, מיינע טייערינקע, איכ וועל אייכ צווינגענ באצאָלנ דערפאר! איר וועט בא מיר באצאָלנ, וועט איר...

דער טורמע־שעפ האָט ארויסגעכאפט פונ פאָרטפעל א פא־פירל און א טיקע געטונ דעם אופזעער.

— נאט, נאט, אויסוורפנ, נאט קוויקט זיכ, מאכאמעטנ...

דאָס איז געווענ א טעלעגראמע פונ טיפליס וועגנ דעם, אז היינט וועט קומענ דער געהילפ־פראָקוראָר פונ טיפליסער קריג־געריכט. און זיינ ציל איז — פארהערנ דעם פאָליטישנ פארברע־כער, סעמיאָנ ארשאקאָוויטש טער־פעטראָסיאנצ, מיטנ צונעמע־ניש קאמאָ, וואָס זיצט אינ באטומער טורמע.

— אמיי זאָל איכ זאָגנ, צוגעדינט דער עלטסטער באטשאל־סטווע. באָרוכאבאָ, אייער הויכוויל געבירטיקייט, הער פראָקוראָר... איר וואָלט באדארפט געווענ זיכ אביסעלע צוויילנ... א קאפעלע פארשפעטיקט. אונדזערע ארעסטאנטנ זיצנ אינ טורמע, ווענ זיי האָבנ א שטימונג. זיי זיינענ בא אונדז טוריסטנ, כאָשעווע לייט, געהויבענע געסט, מאָלט אייכ. און מיר זיינענ בעסאכאקל זייערע דינער. מיר זיינענ נישט מער, ווי שוויצארנ אינ א האָטעל

פאר פאָרנעמע רײַזנדע! דא־ס... הער קאמאָ, איר ווילט זיך עפשער דורכפאָרן קיין טיפליס? ביטע, מיטן גרעסטן פארגעניגן. לאָמיר עפשער אײַך באַלייטן צום וואָקזאַל? אָט לויפט מען צו נאָך א דראָשקע. אָ... אָ... א האָטעל! ניין, דאָס זײַנען ניט קיין אופזוער, ניט קיין וואכ! שווייצארן! לאַקייען!

ער האָט זיך געכאפט מיט די הענט פארן קאָפּ און גענומען ארומשפאנען איבערן צימער. ער האָט געוווּסט, אז דער צוג, מיט וועלכן עס פאָרט דער פּראָקוראָר, פאָרט שוין צו אין דערדאָזיקער מינוט צום פרײַלעכן באַטומער וואָקזאַל!

— גוט מאָרגן, גוט יאָר! די נאטשאלסטווע איז הויפּ ארײַן, און די ארעסטאנטן — פון הויפּ!

און טאָמער לאָזט זיך אויס, אז די גאנצע מײַסע איז פּאָשעט א מיספארשטייעניש? אָט וועט ער ארויסגיין אפן הויפּ, און אלץ וועט קלאָר ווערן — קיינער איז ניט אנטלאָפן, קאמאָ איז אין טורמע. אלץ איז אין אָרדענונג.

מיט דידאָזיקע האָפענונגען איז דער טורמע־שעף ארויסגעגאנגען אין הויף ארײַן.

אינמיטן דעם געוויינלעכן שפאציר פון די פארשפארטע איז קאמאָ אנטלאָפן, דער שפאציר איז איבערגעריסן געוואָרן. דער הויף איז פּוסט און שטיל.

— פרעג איך אײַך, — האָט דער טורמע־שעף געמינטערט דעם אופזוער, אירצנדיק אים דאָס ערשטע מאָל, — פרעג איך אײַך, ווי האָט ער געקאָנט אנטלויפן אינמיטן העלן טאָג, פאר די אויגן פון דער וואכ? די ווענט זײַנען דאָך 5 ארשין די הייך. בלויז אף פליגלען קען מען דאָך איבערפליִען איבער דידאָזיקע ווענט. א קאץ, א טיגער, א לייב וואָלט נאָך געקענט איבערשפרינגען. אָבער אן ארעסטאנט איז דאָך ניט קיין פויגל און ניט קיין לייב?

אלע אופזעער, דער שעפ פונ דער וואכ אונ אפילע די סאָלדאטנ האָבנ זיכ ארומגעשטעלט איבערנ הויפ פארמאָרעשכוירעטע, דערשלאָגענע. זיי האָבנ אויסגעזעענ, ווי יאָג־הינט, וועלכע האָבנ אָקאָרשט פארשפילט א האָז פונ סאמע אונטער דער נאָז.

דער שעפ האָט צעשטרייט א קוק געטונ אפ דער וואנט, אונ פלוצימ האָט ער באמערקט א שטאָרצ אינ וואנט. ער איז צוגעגאנגענ נעענטער, אָנגעבויגנ זיכ, א טאפ געטונ דאָס אָרט מיט דער האנט, ווידער אָפגעגאנ אונ צוגערופנ דעמ שעפ פונ וואכ:

— שוינ־זשע האָט קיינער פונ אייַך זיכ נאָך ניט אָנגעשטויסנ, וויאזוי ער איז אנטלאָפנ? — האָט ער געפרעגט. — ליימענע גוילעמס! איר זעט ווי די וואנט שטעקט דאָ ארויס? אז די וואכ האָט זיכ אָפגעקערט, האָט ער געגעבנ א שפרונג ארופ אפנ וואנט אונ געמאכט די פלייטע. פונעמ שטארקנ שטויס מיטנ פוס איז אפילע א ציגל אָפגעפאלנ. עכ, איר קריכערס פארשאָלטענע...

אינ דער מינוט איז אינ טורמע־הויפ ארייַנגעפאָרנ א פאעטאָנ. אינעמ פאעטאָנ איז געזעסנ א מיליטער־מאנ מיט א גרויסנ שווארצנ פאָרטפעל אפ די קני.

## II

דער מאָרזע־שליסל האָט אויסגעקלאפט איינעמ אונ דעמזעלבנ נאָמענ אויסערגעוויינלעכ אָפט אונ מיט אומגעדולדיקער אייַנגעשפארטקייַט.

פונ באטומ קיינ טיפליס, טשאקווא, קאָבולעטי, נאָטאנעבי, קיינ גאָרי, איבער אלע פאָליציי־פארוואלטונגענ אונ פאָרטנ פונעמ שווארצנ יאמ זייַנענ געפלויגנ טעלעגראמעס:

„אנטלאָפנ א וויכטיקער פאָליטישער ארעסטאנט פונקט עלטער 22 יאָר פונקט געבוירנ אינ גאָרי פונקט סעמיאָנ טער פעט־

ראָסיאַנצ צונעמעניש קאַמאָ פונקט האָר שוואַרצע אויגן ברוינע א קרעפּטיקער פּונקט אומגעזאַמט אַרעסטירן ברענגען צו פּירן קאָנוואָי באַטומער טורמע פּונקט״.

די פּאָליציי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַף די פּיס. קיינמאָל האָבן מענטשן אַזוי נערוועז, אַזוי אָפּט ניט געשלעפּט די פּאַספּאָרט־ביכלעך פון די קעשעניעס, און קיינמאָל האָט מען ניט צוגעטראָגן אַזוי נאָענט צו די פּענעמער דעם לאַמטערן, ווי אין יענער נאַכט.

פּלוצימדיק פּלעג אַנשווייגן ווערן די מוזיק, פּלעגן איבערגעריסן ווערן די געשפּרעכן, פאַרשווינדן די שמייכלען.

— גאָספּאָדאַ, באַווייזט די דאָקומענטן. די דאַמען בעט מען זיך ניט באַאומרויִקן.

די געשפּרעכן, מוזיק, דאָס קלאַפּן מיט די טעלער האָבן זיך באַנייט נאָר דאַן, ווען די זשאַנדאַרמען זײַנען שוין געווען פון יענער זײַט טיר.

אומזיסט האָט דער טעלעגראַף געהאָרעוועט יענע נאַכט, אומזיסט האָט מען באַאומרויִקט אַזויפיל מענטשן, וואָס האָבן געווימלט אין די וואָקזאַלן, רעסטאָראַנען, קאַפעען און טעאַטערס פון טראַנסקאַווקאַז. צווישן זיי זײַנען געווען פיל מענטשן מיט שוואַרצע האָר און ברוינע אויגן, נאָר דעם, וואָס זײַן נאָמען איז אין טעלעגראַמע געשטאַנען, האָט מען ניט געפונען.

אין דערזעלבער נאַכט איז פון באַטום קיין מאָסקווע געגאַנגען א שנעלצוג. ער האָט איבערגעלאָזן הינטער זיך דאָס העלע גרינוואַרג און דעם פינצטערן טונעל פון „זעליאָני מיס״, אַף איין מינוט זיך אָפּגעשטעלט אין טשאַקוואַ און אַוועק ווײַטער. אָפּגעשטעלט זיך אַף איין מינוט אין קאָבולעטי, האָט ער אַרופגענומען איין פּאַסאַזשיר און אַוועקגעפלויגן ווײַטער, צו מיזרעך־צו.

מיט דעמדאָזיקן צוג האָט זיך אומגעקערט פון באַטום קײַן טיפליס דער פּראָקוראָר. ס׳איז אים טאַקע ניט געלונגען צו פאַר־הערן דעם פאַרבּרעכער פּעטראָסיאַנץ, מיטן צונעמעניש קאַמאָ.

דער פּראָקוראָר איז מיד געווען און געוואָלט שלאָפן. ער האָט אָבער ניט געקענט אײַנשלאָפן. אים האָט באַאומרויִקט די באַטומער געשעעניש. — יאָ, געוויס זײַנען זיי ניט שולדיק, — האָט געטראַכט דער געהילף־פּראָקוראָר, דערמאָנענדיק זיך אָנעם הילפלאָזן געזיכט פונעם טורמע־שעף. — אָבער שוין־זשע וועט מען אים ניט פּאַקן? אָט דער קאַמאָ קען אָנטון אַ היפּש ביסל צאָרעס. אַ וווּנדערלעכער סוביעקט. אַזוי יונג, אַ ייִנגל, קען מען זאָגן, און אָט, נאַ דיר... אַן עקספּראָפּריִאַציע אין קווירילי, אונ־טערגעגראָבן זיך אונטער דער גאָריִער קאַזנאַטשייסטווע, אָרגאַ־ניזירט דרײַ אונטערערדישע דרוקערײַען אין טיפליס... קאַמאָ... קאַמאָ... סאַראַ דרייסטקײַט, סאַראַ פרעכקײַט! נאָך אַ צוויי רע־וואָליוציִאָנערן אַזעלכע, וועט באַ אונדז שוין ניט קלעקן קײַן פּאָליציי אָפּ צו קעמפן מיט דידאָזיקע צעשטערער פון רוסלאַנד...

דער פּראָקוראָר האָט פונלאַנג שוין געוווּסט דעמדאָזיקן נאָ־מען און האָט זיך טאָמיד פאָרגעשטעלט, אַז קאַמאָ איז אַ גרייַז־גרויער פאַטלאַטער ריז, אָן אָנגעלאָדענער מיט באָמבעס, פּיראָק־סילין. און פּלוצים, — 22 יאָר...

דער קאָנדוקטער איז פאַרבײַגעגאַנגען און האָט אויסגערופן דעם נאָמען פון דער נאָענטסטער סטאַנציע.

דער פּראָקוראָר האָט אויסגעטון דעם מאַנטל און אוועקגעזעצט זיך אויף דעם אויסגעבעטן געלעגער.

אין דער מינוט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. דער פּראָ־קוראָר האָט אומצופרידן זיך אַ קנייטש געטון. ס׳איז ניט אַזוי גרינג אויפצוהייבן זיך פון אַזאַ באַקוועמער און ווייכער איבער־בעט און גיין צו דער טיר.

ער האָט אומצופרידנ א קוק געטונ אפנ מענטשנ, וואָס איז געשטאנענ אינ קאָרידאָר. יענער איז געווענ שוואכ באלויכטנ מיט דער שײַנ פונעמ אייבערשטנ לאמטערנ. דער נײַער פאר־שוינ איז אָנגעטונ געווענ אינ א פּראכטפולער שווארצער טשער־קעסקע, מיט א באַזילבערטנ פאסיק פארשטײַפט. אפנ פאסיק איז געהאנגענ א גרויסער, מיט זילבער באצירטער קינזשאל.

דער נײַער פאסאזשיר האָט העפלעכ א פרעג געטונ:

— דאָ איז די פערטע קופּע?

— יאָ, דאָ.

ער איז דורכגעגאנגענ אינ טיפ פונ דער קופּע אונ אוועקגע־זעצט זיכ אפנ דיוואנ. דערנאָכ האָט ער זיכ אופגעהויבנ, פאר־מאכט די טיר אונ ווידער אוועקגעזעצט זיכ.

— פונ קאָבולעטי? — האָט א פרעג געטונ דער פּראָקוראָר.

— פונ קאָבולעטי, — האָט געענטפערט דער פאסאזשיר אינ דער טשערקעסקע אונ געשמייכלט. דער פּראָקוראָר האָט אימ אופמערקזאמ באטראכט אונ א טראכט געטונ: „בא אימ איז אנ אײַנגענומענער שמייכל“.

— קיינ טיפליס?

— יאָ.

דער פּראָקוראָר האָט אוועקגעשטעלט זײַנע שטיוול אפנ דיל אונ ארונטערגעקראָכנ אונטער דער קאָלדרע. דער מאנ מיט דער טשערקעסקע האָט פארלייגט די הענט אינ די ברייטע ארבל, פארוואָרפנ דעמ קאָפּ צו דער וואנט אונ פארמאכט די אויגנ.

א שטילשווײַגנ האָט באהערשט די קופּע נומער פיר. דאָס שווײַגנ וואָלט ניט געשטערט געוואָרנ עפשער ביז סאמע טיפ־ליס, ווענ דער צוג זאָל ניט געווענ שטיינ אפ דער סטאנציע סאמטרעדי אפ עטלעכע מינוט לענגער, ווי ס׳איז אימ געקומענ לויט דער באנ־רעשימע.

ווען מע האָט אָנגעקלאַפּט פאַרזיכטיק אין דער טיר פון דער קופּע נומער פיר, האָט דער וואָס אין דער טשערקעסקע אופגעעפנט די אויגן און אופגעהויבן זיך פונעם אָרט. ער האָט פויל געעפנט די טיר. ער האָט דערזעען פאר זיך זשאַנדאַרמען.

— אַנטשולדיקט, גאָספּאָדאַ, פאַר דער באַאומרויִקונג, נאָר מיר האָבן א באַפעל דורכצוקאָנטראָלירן די דאָקומענטן בא אלע פּאַסאַזשירן, וואָס פאָרן אין דעם צוג. סאַכאַקל א סעקונדע. דער־לויבט אײַערע דאָקומענטן.

דער פאַרשוין אין דער טשערקעסקע האָט, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, אַרײַנגעשטעקט די האַנט אין בוזעמקעשעניע, אַרויסגענומען א בריוונטאַש און אַרויסבאַקומען פונדאָרט א פּאַספּאָרט. ער האָט אים דערלאַנגט דעם זשאַנדאַרם. יענער האָט אופמערקזאַם איבערגעלייענט, קאַם צו דערהערן א קנאַק געטון מיט די שפּאָרן און געזאָגט:

— אַנטשולדיקט, פירשט... די פליכט צווינגט, מיר מוזן,— און האָט זיך געווענדט צום פּראָקוראָר.

אז דער צוג האָט זיך גערירט, האָט דער פּראָקוראָר מיט נײַגיר א קוק געטון אפן פירשט.

— אַנטשולדיקט, מיט וועמען האָב איך די ערע?

דער וואָס אין דער טשערקעסקע האָט ווידער א שמייכל געטון מיט זײַן אײַנגענומענעם שמייכל.

— פירשט דעוודאַריאַני.— און אָפּגעשוויגן, האָט ער צוגעגעבן:— כ׳פאַרשטיי ניט, צו וואָס איז די גאַנצע לויפעניש מיט די דאָקומענטן און זשאַנדאַרמען.

דער פּראָקוראָר האָט פאַרויכערט א פּאַפּיראָס און אויסגעדרייט זיך צו אים מיטן פּאָנעם.

— מע דאַרף,— האָט ער געזאָגט,— ס׳איז אַנטלאָפן זייער א וויכטיקער פאַרברעכער, ס׳העלפט ניט, פירשט.

— און ווער איז אָט דער וויכטיקער פֿאַרברעכער?

— אַ טעראָריסט־עקספּראָפּריִאַטער, דער באַוווּסטער באַל־שעוויק קאַמאָ.

— קאַמאָ? — האָט זיך פֿאַרכידעשט דער פֿירשט, — עפּעס האָב איך געהערט וועגן אים.

דער פּראָקוראָר האָט דערציילט זײַן שאָכן וועגן דער גיט־געלונגענער בעסיִע זײַנער, וועגן דעם אַרעסטאַנטס פּרובן אַנט־לויפֿן אינמיטן העלן טאָג, וועגן דעם, ווי ס׳איז שווער זיך צו פֿאַרלאָזן אויף דעם הײַנטיקן אַדמיניסטראַטיוון פּערסאָנאַל אין די טורמעס. דערנאָך האָבן זיי זיך צערעדט וועגן מילכאָמע, וועגן רעוואָליוציע, וואָס הייבט זיך אָן.

דער פּראָקוראָר האָט זיך אוועקגעזעצט אויפֿן געלעגער און פֿאַרוויכערט. דערנאָך האָט ער פֿאַרוקט דאָס פֿאָרהאַנגל אויפֿן פֿענצטער און אַרײַנגעקוקט אינעם פֿינצטערן אָרום, וואָס לויפֿט אַלץ צוריק פֿונעם צוג. ס׳האָט געשמעקט מיט געוויטער.

— ס׳איז אַזאַ דערשטיקעניש, — האָט געזאָגט דער פּראָקו־ראָר. — איר וועט דערלויבן עפֿענען אַ פֿענצטער?

— אָ, ביטע...

— הײַיאָר איז אַזאַ הייסער זומער...

— יאָ, אַ הייסער זומער.

— איר האָט ליב אַ געוויטער? — האָט אַ פֿרעג געטאָן דער פּראָקוראָר.

— איך האָב ליב.

— האַקלאַל, איך קער זיך אום קיין טיפֿליס מיט ליידיקע הענט, אומזיסט געפּאַטערט צוויי מעסלעס, — האָט דער פּראָקו־ראָר געזאָגט.

— זעט אויס, אײַער קאַמאָ איז אַ געשיקטער באָכער.

— וואָס רעדט איר, אַנטלויפֿן אינמיטן העלן טאָג, פֿאַר די

אויגנ פונ דער וואכ אריבערכמאליענ איבער דער טורמע־וואנט, 5 ארשינ די הייכ! זאָגט שוינ איר אליינ...

— איר האָט אימ אמאָל געזעענ? — פרעגט דער פירשט.

— ניינ, כ'האָב נאָכ ניט געהאט די זכיע, נאָר אינגיכנ וועל איכ אימ זענ.

— איר זייַנט זיכער?

— כ'קענ אייַכ גאראנטירנ, אז האָכ הייַנטיקע נאכט וועט מענ אימ פאקנ. די פּאָליציי פונ טראנסקאווקאז איז אוועקגעשטעלט אפ די פיס.

דער פירשט האָט ארויסגענומענ א פּאָרטסיגאר, פארקלאמערט א פּאפּיראָס אינ די ליפּנ אונ אָנגעצונדנ א שוועבעלע. דאָס רויטע פייַער האָט באלויכטנ זייַנ אויסגעצויגנ געזיכט מיטנ שווארצנ בערדל.

— איר האָט אזוי פיל דערציילט וועגנ אימ, — האָט געזאָגט דער פירשט, שפּילנדיק זיכ מיטנ פּעקל שוועבעלעכ, — אז איכ וואָלט מיט פארגעניגנ אימ אָנגעקוקט אליינ.

— א ציקאווע פּערזענלעכקייַט.

— כ'בעט אייַכ טאקע, — אז קאמאָ וועט שוינ זייַנ אינ אייַערע הענט, גיט מיר צו וויסנ אפ דעמדאָזיקנ אדרעס... — דער פירשט האָט אָנגעשריבנ עטלעכע ווערטער אונ דערלאנגט דעמ פּראָקוראָר דאָס קארטל.

— אָכ, מיט פארגעניגנ, — האָט געענטפערט דער פּראָקוראָר, פרווונדיק איבערצולייענענ די געדריידלטע שורעלעכ אינעמ קארטל. ער האָט זיי ניט געקאָנט איבערלייענענ — די אָנשריפט איז געווענ אפ גרוזיניש. דער פּראָקוראָר האָט אריינגעלייגט דאָס קארטל אינ פּאָרטפעל.

אז דער צוג איז אריינגעפאָרנ אינ מיכייַלאָווער טונעל, האָט דער שמועס אינ דער פערטער קופּע אופגעהערט. ביידע פּאסאזשירנ

האָבן געוואָלט אביסל אָפּרוען פאַרן אָנקומען קיין טיפליס. זיי האָבן זיך צוגעלייגט, און אופּגעשטאַנען זײַנען זיי ערשט דאַן, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם פּעראָן פון טיפליסער וואָקזאַל.

דער פּראָקוראָר האָט געעפנט די אויגן, אַרויסגעקראָכן פון אונטער דער קאָלדרע און א קוק געטון אפ זײַן שאָכן. יענער איז געשטאַנען באַם פענצטער און אופמערקזאַם געקוקט אפן פּעראָן. דער פירשט דעווודאַריאַני האָט, אפּאָנעם, עמעצן געזוכט און ניט געקאָנט געפינען. קיינער איז ניט אַרויס אים באַגעגענען.

— אַלזאָ, פירשט, געקומען? — פרעגט דער געהילף־פּראָקוראָר. דער פירשט האָט א ציטער געטון און אָפּגעקערוועט זיך פון פענצטער.

— געקומען, — האָט ער פריילעך געענטפערט. — נאָר כ׳זע עפּעס ניט די מײַניקע.

אין פינף מינוט אַרום זײַנען דער פּראָקוראָר מיטן פירשט אַרויס פונעם וואַגאָן. דרײַ זשאַנדאַרמיש געקליידעטע יונגעלײַט האָבן זיי פאַרשטעלט דעם וועג. פּלוצים האָט איינער פון זיי פאַרשעמט א שמייכל געטון, בראַוו זיך אויסגעצויגן פאַרן פּראָקוראָר און זיך א לאָז געטון באַפרײַען א וועג אינעם האַמוין.

— גוט מאָרגן, מאַקסימאָוו! — האָט אויסגערופן דער פּראָקוראָר.

— זדראַוויע זשעלאַיו, אײַער הויכוווילגעבוירטיקײַט!

— ניטאָ קיין יעדיעס וועגן דעם אַנטלאָפענעם?

— טאַק טאָטשנאָ, ניטאָ קיין יעדיעס, אײַער הויכוווילגעבוירטיקײַט!

דער פּראָקוראָר איז אַרײַן מיטן פירשט אין בופעט אַרײַן. דאָרט האָבן זיי פאַרנומען א טישל און געהייסן דערלאַנגען

פרישטיק. באַם פרישטיק האָט דער זשאַנדאַרמען־אָפיצער, וואָס איז צום טישל צוגעגאַנגען, דערציילט, אַז מע רעכנט, אַז דער אַרעס־טאַנט געפינט זיך אין דעמזעלבן צוג, וואָס דער פּראָקוראָר איז מיט אים געקומען. די אונטערזוכונג האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט.

— כ׳צווייפל, צי וועט איר אים פאַקן, — האָט גלייַכגילטיק געזאָגט דער פירשט, — ער דאַרף זייַן מעשוגע פּאָרן ביז סאַמע טיפליס.

דער אָפיצער האָט א צוק געטון מיט די אַקסלען אַ... גע־זעגנט זיך מיט א פאַרנויג.

געענדיקט דעם פרישטיק, האָט דער פּראָקוראָר געדריקט דעוודאַריזאַניג די האַנט מיט די ווערטער:

— כ׳וואָלט א באַלד געוועזן, פירשט, זיך באַגעגענען מיט אייַך, אויב נאָר מייַן געזעלשאַפט קען אייַך זייַן אייַנגענומען. אָט איז מייַן קאַרטל.

דער פירשט האָט א שמייכל געטון.

— אוואַדע, אוואַדע, מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען מיט אייַך, הער פּראָקוראָר... געוויס וועלן מיר זיך באַגעגענען.

אין א האַלבער שאָ אַרום נאָך דעם פירשטס אוועקגיין האָט דער פּראָקוראָר צוגערופן דעם זשאַנדאַרמען־אונטעראָפיצער.

— מאַקסימאָוו, קאָנסט גרוזיניש?

— טאָטשנאָ טאַק, וואַשסקראָד.

דער פּראָקוראָר האָט זיך א ריַז געטון אינעם פּאָרטפעל, אַרויס־געקראָגן דאָס קאַרטל, וואָס דער פירשט האָט אים נעכטן גע־געבן, און דערלאַנגט דעם אונטעראָפיצער:

— זעץ איבער. דאָס האָט דער פירשט מיר געגעבן זייַן קאַרטל, נאָר אָנגעשריבן האָט ער אַף גרוזיניש.

דער אונטעראָפיצער האָט באַטראַכט דאָס ווייַסע שטיקל קאַרטאָן און א פאַרכידעשטער געדרייט עס אַף אַלע זייַטן.

— נו, ווי איז דער אדרעס זײַנער?

— ניטאָ דאָ קיין אדרעס, אײַער הויכוווילגעבּירטיקײַט.

— וואָס הייסט ניטאָ?

— טאַק טאָטשנאָ, ניטאָ.

— וואָס־זשע איז דאָרט אָנגעשריבּן?

— ס'איז אָנגעשריבּן, אײַער הויכוווילגעבּירטיקײַט, ווען מע זאָל עס איבּערזעצן אפ רוסיש, איז אזוי אָנגעשריבּן: „כאָטש דו בּיסט איוואַן, אָבּער א בּאָלוואַן"...

— און מער גאָרניט?

— טאַק טאָטשנאָ, גאָרניט.

— פּאַסקודניאַק...

— וועמען מיינט איר, אײַער הויכוווילגעבּירטיקײַט?

— ניט דיך, ניט דיך, — האָט דער פּראָקוראָר זיך צעשריגן און, ניט געזאָגט מער קיין וואָרט, האָט ער זיך שנעל צעצאָלט און אוועק צום ארויסגאַנג.

III

דער איניען וועגן קאמאָ איז געלעגן אין טיפליסער גובּער־ניאַלן זשאַנדארמען־אָפּטייל, און אין מעשעך פון א גאנצן יאָר נאָך קאמאָס אנטלויפן פון באַטומער טורמע זײַנען קיין שום נײַע מאַטעריאַלן צו דעמדאָזיקן איניען ניט צוגעקומען. ער איז געלעגן פארשלאָסן אין א שאַפע, צוזאמען מיט א גאנצן פּאַק אנדערע בּלויע פּאַפּקעס. די פּאַפּקע איז זיך געלעגן אין שאַפע, אָבּער וועגן דעם גורל פון דעם מענטשן, וואָס זײַן לעבּנסבּאַשרײַבּונג איז אין פּאַפּקע געווען, האָט די פּאָליציי גאָרניט געוווּסט. נאָר איינס איז בּאַוווּסט געווען, אז קאמאָ איז אנטלאָפן פון בּאַטום קיין טיפליס. און ווײַטער איז קיין שפּורן שוין ניט געווען. די זוכענישן האָבּן קיינע רעזולטאַטן ניט געגעבּן.

אין דעקאבער 1905 יאָר האָט דער אויספאָרשער פון אויס־ערסט־וויכטיקע איניאָנים ווידער ארויסגעצויגן דעם איניען פון דער שאפע, קעדיי צוצולייגן נייַע יעדיִעס.

אָפ די זאוואָדן האָט זיך באַוויזן רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור, וואָס רופט די ארבעטער צו מאסן־שטרייַקן.

די אויסשפיר־פּאָליציי האָט פעסטגעשטעלט, אז דער הויפּט־פארשפרייטער פון דערדאָזיקער ליטעראטור איז קאמאָ. מיט א וואָך צוריק איז אין טיפליסער לאָקאָמאָטיוו־דעפּאָ פאָרגעקומען אן ארבעטער־מיטינג. אויפן מיטינג איז ארויסגעטראָטן קאמאָ. ער האָט גערופן די ארבעטער, זיי זאָלן פאָדערן א פארגרעסערונג פונעם ארבעטלוין, אן אַכטשאָעדיקן ארבעט־טאָג, ארבעט־סטראכירונג אויפן כעשבן פון דער מעלוכע, פרייַהייַט פון וואָרט, פרעסע און פארזאמלונגען, פאָלקס־מיליציע אנשטאָט פּאָליציי; פאָדערן, מע זאָל באַפרייַען אַלע פּאָליטישע ארעסטירטע און מע זאָל אָפּשאפן טויט־שטראָף. רייַטער־קאזאקן האָבן דעם מיטינג צעטריבן, צוויי ארבעטער זייַנען ארעסטירט געוואָרן. אָבער קאמאָ האָט באַוויזן אנטרונען צו ווערן.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָט די פּאָליציי געפונען אין דעפּאָ פעק מיט געווער. די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אז צוגעשטעלט דאָס געווער אין דעפּאָ ארייַן האָט דער באָלשעוויק קאמאָ. און ווידער האָבן די זוכענישן פון דער פּאָליציי זיך פארענדיקט מיט גאָרנישט. קאמאָ איז פארשוווּנדן געוואָרן.

אין עטלעכע טעג ארום האָט די פּאָליציי איבעראַנייַס דערהערט וועגן קאמאָ.

אויפן מייַדאַן — דער סאמע באַלעבאַטסטער מארק פון טיפליס — האָט איינער אן ארמענישער קרעמער, עפּעס ענדיק גאנצפרי זייַן אויבסט־קלייטל, דערזעען בא דער סאמע טיר זיך וואלגערן שאָלעכץ פון קאוועס און דיניעס. די שאָלעכץ איז נאָך געווען

פריש. דער ארמענער האָט לאַנג באַטראַכט די שאָלעכץ, דער־נאָך האָט ער א קוק געטון צום שכײנעסדיקן שטעלכל. באַם שטעלכל איז געזעסן דער קרעמער, א טאָטער, און געגעסן א קאָווען. איז דער ארמענער צוגעגאַנגען צום טאָטער.

— וואָס וואָרפסטו עפּעס דאָס מיסט אין מײַן זײַט?

דער טאָטער האָט ניט געענטפערט. ער האָט געשניטן שטיקלעכווײַז דאָס זאַפטיקע, רויטע קאָווען־פלייש און, אָנגע־שטאָכן אויפן שפּיץ מעסער, געררוקט אין מויל אַרײַן.

— איך פרעג דאָך דיך, — האָט איבערגעכאַזערט דער ארמע־נער.

— ס׳איז דײַנע שאָלעכץ, דו האָסט אַליין צעוואָרפן, — האָט דער טאָטער געענטפערט.

— מײַנע?! איז נאַ דיר!

דער ארמענער האָט שנעל צונויפגעקליבן פון דער שטויביקער ערד די שמוציקע קאָווענע־שאָלעכץ און א שמיץ געטון דעם שאָכן גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן.

דער טאָטער האָט זיך ניט געלאָזט שפּײַען אין דער קאַשע. ער האָט געכאַפּט די שיראַיִם פון זײַן קאָווען און א שמיץ גע־טון דעם ארמענער אין פּאָנעם אַרײַן. דאַן האָט דער ארמע־נער אויפגעהויבן א שטיין און געגעבן א שנײַד מיטן שטיין גלײַך אין שטעלכל אַרײַן. אין שטעלכל האָט עפּעס זיך צעבריאַז־געט, עפּעס האָט זיך א וואַלגער געטון, און א געשריי האָט זיך פונדאַרטן דערהערט, א רוף צו הילף.

אויף די גוואַלדן האָבן זיך גענומען צונויפלויפן מענטשן. געלאָפן זײַנען ארמענער, געלאָפן זײַנען טאָטערן. א גאָראָדאָוואָי איז צו־געגאַנגען, א קוק געטון און אוועק ווײַטער, פאַרלייגט די הענט אויף הינטן. באַלד איז דער גאַנצער פּלאַץ אָנגעטאַסעוועט געוואָרן

מיט א מענטשנ־מאסע. די ארמענער האָבנ זיך איינגעשטעלט פאר דעמ קרעמער דעמ ארמענער, די טאָטערנ — פארנ טאָטער.

איינ טאָטער האָט א געשריי געטונ צו די ארמענער:

— איר זייַנט אומריינע! אלע אומריינע דארפ מענ פארניכטנ!

— אלע טאָטערנ זייַנענ קלאָווימ! באסורמאנעס! די באסור־מאנעס דארפ מענ קוילענ! — האָבנ געענטפערט די ארמענער.

אינ די רייענ פונ די ארמענער איז ארייַנגעפלויגנ א שטיינ. דער שטיינ האָט נאָכ ניט באוויזנ ארונטערצופאלנ, ווי די ארמענער האָבנ זיך א נעמ געטונ צו רייַסנ שטיינער פונעמ ברוק. א האָגל שטיינער האָט זיך א שאָט געטונ אפ די טאָטערנ.

איננ א האלבער שאָ ארומ איז פונ די טאָטערשע קלייטלעכ אפנ מייַדאנ קיינ זייכער ניט געבליבנ.

די טאָטערנ זייַנענ זיך צעלאָפנ. דערנאָכ האָבנ זיי זיך צוריק אומגעקערט, מיט פרישע קויכעס. זיי האָבנ זיך ארופגעוואָרפנ אפ די ארמענישע קלייטנ אונ גענומענ גראָמירנ זיי. איינגיכנ זייַנענ פונ די ארמענישע קלייטנ געבליבנ הויפנס ברעטער.

די טאָטערנ זייַנענ זיך צעגאנגענ. דער פלאצ איז פוסט גע־בליבנ. נאָר א ביסעלע שפעטער האָט דער מייַדאנ ווידער אופ־געלעבט.

אפנ מייַדאנ האָט זיך באוויזנ א גרויסער האמוינ ארמענער. זיי האָבנ געפאָכעט אינ דער לופטנ מיט שטעקנס, שטיינער אונ קינזשאלנ.

— אינ קורא ארייַנ די טאָטערנ! צו מאגאָמעטנ מעשאלייעכ זייַנ די טאָטערנ! — האָבנ זיי געשריגנ.

דעמאָלט האָט זיך פארנ האמוינ באוויזנ קאמאָ.

ער איז ארופגעקראָכנ אפ א צעבראָכענעמ קאסטנ אונ אויס־גערופנ:

— בירגער, אכטונג!

דער האמוינ איז אנשוויגנ געוואָרנ.

— ער איז אנ ארמענער צי א טאָטער?

— שטילער. ס׳איז אנ ארמענער! באלד וועט ער אוועקפירנ די ארמענער צו די טאָטערשע קווארטאלנ, אונ ביז נאכט וועט אינ טיפליס קיינ איינ לעבעדיקער טאָטער ניט פארבלייבנ.

— בירגער, — האָט קאמאָ פאָרגעזעצט, — איר ווילט גיינ שלאָגנ די טאָטערנ?

— שלאָגנ די טאָטערנ! אונטערצינדנ זיי!

— צי האָט איר אָבער א טראכט געטונ וועגנ דעמ, — האָט קאמאָ געפרעגט, — אז טאקע היינט אפדערנאכט וועלנ די טאָטערנ נעמענ קוילענ אייכ אונ צינדנ איערע הייזער?

— מיר וועלנ ניט לאָזנ! מיר זיינענ א מענגע! מיר האָבנ א גרעסערנ אוילעמ ווי זיי!

— דאָס, וואָס ס׳קומט איצטער פאָר אינ טיפליס — איז די ארבעט פונ דער צארישער מאכט, — האָט קאמאָ פאָרגעזעצט, — די ארבעט פונעמ קאווקאזער נאמעסטניק — גראפ וואָראָנצאָוו־דאשקאָוו! פארוואָס ווילט איר קוילענ די טאָטערנ אונ גראָמירנ זייערע קלייטנ? פארוואָס קוילענ די טאָטערנ ארמענער אונ פארוואָס גראָמירנ זיי די ארמענישע קלייטנ? דערפאר, וואָס איינ קרעמער האָט אויסגעזידלט דעמ צווייטנ?

— די טאָטערנ הייבנ זיכ אָנ די ערשטע. שטענדיק זיינענ זיי שולדיק!

— פאראכטאָגנ שאבעס זיינענ די טאָטערנ אָנגעפאלנ אפ אונדזער קאראפעט ווארטאניאנצ אונ צעשאָטנ אלע זיינע עפל אינ בעריב גאס!

— זונטיק האָבנ די טאָטערנ צעמיימעסט קעוואָרק מארקאריאנצנ אונ בעניאמינ פעטראָסאָוונ!

קאמאָ האָט הויכ געזאָגט:

— די טאָטערנ? אונ איר האָט פארגעסנ, אז דינסטיק זײַנען די ארמענער אָנגעפאלנ אפ דעמ טאָטער קורבאנ מאמעדאָווס בע־קערײַ, ארויסגעוואָרפנ זײַנ טײַג אינ מיסט־גרוב ארײַנ אונ די מעל צעזייט איבערנ גאס? צי דענ געדענקט איר ניט, ווי די ארמע־נער האָבנ פאראכטאָגנ מאָנטיק צעגראָמירט דעמ טאָטער אבאסא קערבאלײַעווס קלייט, אונ אימ אליינ צענעריקט ביז צומ טויט?

דער האמוינ האָט געשוויגנ. קאמאָ האָט פאָרגעזעצט:

— די טאָטערנ דארפנ ניט האָבנ אײַער בלוט, — אײַער בלוט איז נייטיק דער צארישער מאכט. פאָגראָמענ דארפנ האָבנ די־יעניקע, ווער עס זיצט אינעמ פאלאצ. יאָ, אינ פאָגראָמענ נייטיקנ זיכ: דער נאמעסטניק, די פאָליציי אונ די זשאנדארמעריע.

די ארמענער זײַנען אלצ נעענטער אונ נעענטער צוגעגאנ צומ קאסטנ. קאמאָ האָט פאָרגעזעצט:

— איר ווייסט, אז דער געהיימער באפעל פונעמ נאמעסטניק אינ טיפליס הייסט דער פאָליציי „זיכ ניט ארײַנמישנ“, ווענ די ארמענער גראָמירנ די טאָטערנ אונ די טאָטערנ — די ארמענער? איר האָט געזענ, ווי דער גאָראָדאָוואָי איז אוועק פונעמ מײַדאנ, ווענ דער געשלעג האָט זיכ אָנגעהויבנ? אונ איר געדענקט, אז ווענ די ארבעטער פונעמ דעפאָ האָבנ זיכ צונויפגעזאמלט אפ א רעוואָליוציאָנערנ מיטינג, זײַנען די פאָליציאנטנ ניט אוועקגע־גאנגענ, זיי האָבנ גענומענ ארבעטנ מיט די שווערדנ, רעוואָלווערנ אונ נאהײַקעס... דעמ ארבעטער־מיטינג האָבנ זיי שנעל צעטריבנ... די שכיטעס אונ די פאָגראָמענ זײַנען נייטיק דער רעגירונג, די קריגערײַען צווישנ די ארמענער מיט די טאָטערנ פארפעסטיקנ די הערשאפט פונ דער רעגירונג. דורכ שכיטעס אונ פאָגראָמענ ווילנ זיי אָפּווענדנ די ארמענער אונ טאָטערנ פונ רעוואָליוציאָ־נערנ קאמפ. הערט אופ צו שנײַדנ די בײַכער איינער דעמ צווייטנ איבער קאווענע־שאָלעכצ! די ארמענער דארפנ געבנ די האנט די

טאָטערן. די טאָטערן—די ארמענער, און מיט געמיינזאמע קויכעס לאָמיר זיך אלע נעמען צום אלגעמיינעם פײַנט — צו דער רעגי־רונג, צו דער בורזשואזיע! נידער מיט דעם נאמעסטניק און מיט זײַנע פּאָליציי! נידער מיט די קאפּיטאליסטן! זאָל לעבן די האָרע־פּאשנע טאָטערישע און ארמענישע באפעלקערונג פון טיפליס!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעמזעלבן טאָג איז אפן מײַדאַן צעגראָמירט געוואָרן דער פּאָליציי־צירקל. די פּאָליציי איז זיך צעלאָפן. איבערן האמוין האָט אופגעפלאטערט א רויטע פאָן. דער האמוין איז געגאנגען צום פּאלאץ. אן אָטריאד באוואָפנטע קאָזאקן האָט צעטריבן די דעמאָנסטראציע.

דער צופאל אפן מײַדאַן האָט ארויסגערופן א גערודער אינעם נאמעסטניקס פּאלאץ. אנשטאָט ברעכן דעם קאָפּ איינער דעם צווייטן, נעמען זיך גאָר די ארמענער און די טאָטערן צו גראָ־מירן פּאָליציי־צירקלען. מע דארף אָנעמען מיטלען... שיקן מי־ליטער? נאָר דעמאָלסט וועלן אלע זאָגן:

— פּארוואָס עפּעס גראדע איצטער, ווען די טאָטערן און די ארמענער הייבן זיך אָן צו פּארייניקן און ארופּטרעטן אפן וועג פון רעוואָליוציאָנערע מײַסים, זײַנען באם קאווקאזער נאמע־סטניק מיטאמאָל באשאפן געוואָרן אי קאזאקן אי סאָלדאטן? האָט די מאכט, הייסט עס, פריִער געלײַגט, ווען זי האָט גע־מאָלדן וועגן איר הילפלאָזיקײַט?

האָבנדיק די פולע מאכט אין זײַנע הענט, האָט דער נאמעסט־ניק אפּ קאווקאז, גראף וואָראָנצאָוו־דאשקאָוו, געפונען אן אויסוועג. ער האָט באפוילן ארויסצוגעבן די ארבעטער 600 בער־דאנקעס. די שטאָט־דומע האָט שוין לאנג זיך מישטאדל געווען וועגן דעם, אז מע זאָל באוואָפענען די ארבעטער און מיט זייער הילף זאָל מען מאכן א סאָף צו דער ארמעניש־טאָטערישער

שכיטע. דער נאַמעסטניק איז אַ לאַנגע צײַט ניט אײַנגעגאַנגען. איצטער האָט ער באַשלאָסן גײן אַפּ האַנאָכעס.

אַזוי איז באַוואָפנט געוואָרן די אַרבעטער־פאָרשטאָט פון טיפליס — נאַכאַלאָווקע.

די אַרבעטער האָבן אַרויסגעשטעלט באַוואָפנטע פּיקעטן אין די אַרמענישע און טאָטערישע קוואַרטאַלן. און גאַנץ גיך האָבן זיי אײַנגעשטעלט אָרדענונג. ס'האָט גענומען אַ סאָף צו די געשלעגן צווישן די אַרמענער און טאָטערן. די באַפעלקערונג האָט זיך באַרויִקט.

די פּאָגראָמען האָבן זיך פאַרענדיקט. אָבער די נאַכאַלאָווקער אַרבעטער האָבן זיך ניט געכאַפּט אומצוקערן דאָס געווער. דרײַ מאָל האָט די זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג געפאָדערט בא די אַרבעטער־פירער, אַז זיי זאָלן אומקערן די בערדאַנקעס — נאָר ס'האָט ניט געהאָלפן. עפּעס האָבן זיי געטײַנעט, די פירער, אַז די שכיטע האָט זיך, קלומערשט, נאָך ניט פאַרענדיקט, אַז עפּעס דראָט אַ געפאַר, אַז ס'קענען נאָכאַמאָל אויסברעכן פּאָגראָמען, אויב מע וועט בא די אַרבעטער צונעמען דאָס געווער...

די זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג האָט ניט געטרויט די אַרבעטער. ווײניקער פון אַלץ האָט זי געקימערט די קינפטיקע שכיטע. די זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג האָט מוירע געהאַט פאַר עפּעס אַנדערש — פאַר אַן אופשטאַנד. פאַרוואָס זאָגן זיך אָפּ די אַרבעטער אָפּצוגעבן דאָס געווער? צי גרייטן זיי ניט קיין אופשטאַנד, קיין רעוואָליוציע?

## IV

די זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג האָט באַשלאָסן טײקעף צו אַנטוואָפענען נאַכאַלאָווקע. דער באַפעל פונעם נאַמעסטניק, דעם פאַרטרעטער פון זײַן מײַעסטעט אַפּ קאַווקאַז, האָט געפאָדערט ניט צאַצקען זיך מיט די אַרבעטער.

דער באַפעל האָט דיקטירט: אין פאַל פון נויטווענדיקייט אָנשיקן אַף די אַרבעטער באַוואָפנטע מיליטער.

די זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעשטעלט די אַרבעטער אַ פאָדערונג — אָפּגעבן דאָס געווער אין מעשעך פון פיר שאָ. די אַרבעטער האָבן געענטפערט:

— ניין.

די זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג האָט געשיקט אַן אולטימאַטום: אויב די אַרבעטער וועלן אין מעשעך פון אַ שאָ ניט צוריפּטראָגן די בערדאַנקעס — וועט קיין נאַכאַלאָווקע אַרויסגעשיקט ווערן אַן עסקאַדראָן קאַזאַקן.

באַקומען דעמדאָזיקן אולטימאַטום, האָט נאַכאַלאָווקע זיך צעבונטעוועט.

---

דער נאַכאַלאָווקער שוץ־שטאַב איז באַשטאַנען פון די מיטגלידער פונעם קאַווקאַזער פאַרייניקטן קאָמיטעט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, וועלכער האָט פאַרייניקט די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס.

פון דער מינוט אָן, וואָס ס'איז באַקומען געוואָרן דער אולטימאַטום פון דער זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג, האָט דער שטאַב אָן איבעררייס זיך באַראַטן. אַף־דער באַראַטונג איז געשטאַנען איין פראַגע: די פראַגע וועגן געווער. אָפּגעבן אָדער ניט? די הייסע דעבאַטן האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרנישט. דעם פּרעזידיום האָט זיך בעשומויפן ניט איינגעגעבן קומען צו אן איינהייטלעכער מיינונג. די מענשעוויקעס האָבן געטייַנעט, אַז דעם אולטימאַטום מוז מען זיך אונטערוואַרפן. מע מוז אומקערן דאָס געווער, אַניט וועט נאַכאַלאָווקע פאַרטרונקען ווערן אין בלוט, ס'וועלן זיך אָנהייבן מאַסן־אַרעסטן, רעפּרעסיעס. דער

פּאַרטיי דראָט די גרעסטע סאַקאָנע. אַ בּאַוואָפנטע אַרויסטרע־טונג וועט אומפאַרמײַדלעך דורכפאַלן. אַ בּאַוואָפנטע אַרויסטרע־טונג פון די נאַכאַלאָוועקער אַרבּעטער קען בּרענגען צו אַ צע־שמעטערונג פון אַלע רעוואָליוציאָנערע קרייזן. די מאַכט וועט זיך פאַר גאָרנישט ניט אָפּשטעלן, קעדיי צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד. קעגן דער מעכטיקער בּאַוואָפנטער קראַפט פון דער רעגירונג וועלן די אַרבּעטער ניט בּײַשטיין. מע דאַרף אומקערן דאָס געווער, קאָלזמאַן ס׳איז נאָך ניט שפּעט.

אַזוי האָבּן גערעדט די פאָרשטייער פון דער פראַקציע מענ־שעוויקעס. אָבּער ווי בּאַר ס׳פּלעגן אָנשוויגן ווערן די לעצטע ווערטער פון די אָראַטערס, אַזוי פלעג זיך בּאַלד אין אַודיטאָ־ריע אופהייבּן אַ ווילדער געטומל:

— אָפּגעבּן דאָס געווער? איינמאָל ניין! די אַרבּעטער וועלן ניט אַרויסלאָזן די בּערדאַנקעס פון זייערע הענט אָן אַ שלאַכט!

— מיר וועלן אומקומען,— האָבּן אַנדערע געשריגן,— דאָס געווער דאַרף מען אָפּגעבּן!

— דאָס איז אַן אַוואַנטיורע!

— פּאַכדאָנים!

— נידער מיט די פּאַרעטער!

— זאָל לעבּן די רעוואָליוציע!

— צום טײַוול די פּשאָרעניקעס!

— אין קאַמף!

— כאַווײרים, אופמערקזאַם! כאַווײרים, רויִק! זײַט אויסגע־האַלטן! שטילער! ווערט שוין אַנשוויגן!

— נידער מיט די פּאַכדאָנים! זאָלן די פּאַכדאָנים גיין אין פּאַלאַץ צום נאַמעסטניק! זאָלן די פּאַכדאָנים אָפּגעבּן די בּער־דאַנקעס!

— די ארבעטער וועלן דאָס געווער ניט אָפּגעבן!

די טיר האָט זיך אופגעעפנט, און אפן שוועל האָט זיך באַוויזן קאמאָ. ער איז לאנג געשטאנען, אײַנגעהערט זיך אין די געשרייען. דערנאָך איז ער צוגעגאנגען צום פּרעזידיום־טיש און האָט אופגעהויבן די האנט.

— ס'איז דאָ א יעדיע, כאוויירים, — האָט קאמאָ געזאָגט, — אז אהערצו גייט א מייע קאָזאקן. צי זײַנען מיר גרייט צום שלאכט?

אלע זײַנען אנשוויגן געוואָרן.

— זיי גייען שוין? — האָט עמעצער א פרעג געטון.

— זיי גייען. וואָס־זשע האָט איר באשלאָסן?

— איך בעט זיך ארויסזאָגן, — האָט דער פּאָרזיצער געזאָגט קיינער האָט ניט אופגעהויבן די האנט.

— נו, איז וואָס־זשע זאָלן מיר טון? אָפּגעבן דאָס געווער אָדער גיין אין שלאכט מיט די קאָזאקן?

— אין שלאכט! — האָט מען געשריגן פון די ערטער.

— אָפּגעבן דאָס געווער!

— קיינע קאפּיטוליאציעס! מיר וועלן שטארבן, נאָר דאָס געווער וועלן מיר ניט אוועקלייגן!

— ריכטיק! — האָבן קולעס געשריגן.

— דאָ וויל מען אונדז דערווײַזן, אז א באוואָפנטער אופשטאנד פון די נאכלאָווקער ארבעטער איז אן אומזין, — האָט קאמאָ געזאָגט. — איך פרעג בא די אלע, וואָס רעדן אונדז אײַן צו פאָלגן נאטשאלסטווע: און די רעוואָליוציע וועט איר עפּשער אויך הייסן אָפּשאפן? עפּשער איז בעסער גיין זיך בוקן צום נאמעסטניק און בעטן מעכילע פאר אלע זינד? איאָ? האָ? אינדערעמעסן, צו וואָס די גאנצע דולעניש? איז דען קעדײַ זיך בונטעווען, אָנטאָן א טירכע אי זיך, אי דער נאטשאלסטווע? לאָמיר זיך בעסער פאנאנדערגיין אהיים... לאָמיר זיך פאנאנדערגייען

שטיל, פרידלעך... אינדערהיים וואַרטן אױף אונדז די װײַבער, אַ געשמאַקער מיטאָג, אַ װאַרעמער געלעגער און אַ צײַטונג פֿאַרן שלאָף. לאָמיר גײן אױסבעטלען גנאָד באַם נאַמעסטניק. ער װעט אונדז מױכל זײַן אונדזערע זינד, װעט אַ זידל טון פֿונדערגרינג און אָפּלאָזן אַהײם... זײַנט איר מסכּים? און זאָלן טױזנטער אַרבעטער שמאַכטן אין די טורמעס, זאָל די פּאָליצײ מאַכן באַנאַכטיקע אָנפֿאַלן אױף די אַרבעטער־קװאַרטאַלן, זאָל גאַנץ טראַנסקאַװקאַז, גאַנץ רוסלאַנד זיך שטיקן אונטערן שטיװל פֿון דער זשאַנדאַרמעריע, זאָלן די אַרבעטער־קינדער פּגרן פֿון הונגער און זאָלן די מוטערס באַװײנען די זין, װאָס מע האָט אָפּ קאַטאָרגע פֿאַרטריבן. זאָל זיך עס גײן אַזױ װײַטער! מיר פּראָטעסטירן ניט! מע דאַרף אָפּגעבן דאָס געװער, מע דאַרף אָפּגעבן דעם טיפֿליסער אַרבעטער־קלאַס אױף הפֿקר דער זשאַנדאַרמעריע! ס'מאַכט ניט אױס, װאָס מאָרגן װעט מען טױזנטער מענטשן אױפֿהענגען, אַרײַנװאַרפֿן אין די קאַזעמאַטן — װיכטיק איז שאָלעם מאַכן מיטן נאַטשאַלסטװע, ניט צערײצן, ניט באַאומרויִקן די נאַטשאַלסטװע! לאָמיר אומקערן די בערדאַנקעס! און דאָס, װאָס ס'װעט פֿאָרקומען אין אַ שאָ אַרום נאָכדעם, װי מיר װעלן אָװעקלײגן דאָס געװער, דאַרף ניט באַאומרויִקן די אָנהענגער פֿון אונטערגעבן זיך. װאָס גײט זײ אָן, װאָס די אַרבעטער בלײַבן אױף הפֿקר!

קאַמאָ האָט אױפֿגעהערט אַ װײַלע אָפּגעשװיגן. ער האָט צונױפֿגעדריקט אַ פֿױסט און לאַנגזאַם אַ טיקע געטאָן אין דער לופֿט אַרײַן. דער האַלדז האָט זיך אַרײַנגעצױגן אין די אַקסלען. ער איז נאָך בלאַסער געװאָרן, נאָך שטײַפֿער האָט ער פֿאַרקלאַמערט די צײן און קימאַט שעפּטשענדיק געזאָגט:

— נײן, דאָס װעט ניט זײַן... די בערדאַנקעס װעלן בלײַבן אין די אַרבעטערס הענט, און די אַרבעטער װעלן זיגן אָדער

שטארבן. זאָלן וויסן די זשאַנדארמען, אַז אונדז קען מען מיט גאָרנישט ניט אָנשרעקן. מיר וועלן קיין ציטער ניט טון פאַר זייערע שפּיזן און וועלן דערווייַזן, אַז אומבאַשטראָפט איזדעקע־ווען זיך איבער אונדז וועלן מיר ניט דערלויבן! די בערדאַנ־קעס זייַנען אונדזער פאַרמעגן. אָפּגעבן זיי באַטייַט אויסגראָבן אַ גרוב זיך אַליין. און די, וואָס טראַכטן אַנדערש, זאָלן גיין אַהיים זיך לייגן שלאָפן. מיר וועלן אַליין באַווייַזן דעם סויגע די קראַפט פונעם אַרבעטער־קלאַס!

— ריכטיק, קאַמאָ! גוט אָרייַנגעזאָגט, קאַמאָ!

אָפּן שוועל האָט זיך באַוויזן אַ גרופּע באַוואָפנטע אַרבעטער. דער, וואָס איז אַרייַנגעגאַנגען דער ערשטער, האָט זיך דורכגע־שפּאַרט צום טיש פונעם פּרעזידיום, אַוועקגעשטעלט די ביקס און געזאָגט אינדערהייך:

— כאַווײַרים, קאַזאַקן פאָרן. די אַרבעטער פאָדערן אייַך אָפּן פּראָנט. מיר האָבן באַשלאָסן דאָס געווער ניט אָפּגעבן און פאַר־טיידיקן זיך ביזן סאָף. די צייַט שטייט ניט.

ס׳איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ שלאַכט־שטאַב, און די פאַר־זאַמלונג איז געשלאָסן געוואָרן.

די קאַזאַקישע מייעס זייַנען שוין געווען הינטער נאַכאַלאָווקע.

צעטיילט זיך אָפּ דרוזשינעס, האָבן די באַוואָפנטע אַרבעטער פאַרנומען אַלע וועגן צו דער פאָרשטאָט. ניט פאַרטיידיקט איז פאַרבליבן נאָר דער לינקער פלאַנג, ווייַל אים איז איבעריק גע־ווען צו פאַרטיידיקן: לינקס האָט זיך געהויכט אַ באַרג.

יעדער מינוט האָט מען זיך געקענט ריכטן אָפּ די קאַזאַקן.

קאַמאָ האָט אָנגעפירט מיט אַן אָטריאַד פון 100 מאַן. אים האָט מען איבערגעגעבן צו באַשיצן איינעם פון די סאַמע גע־פערלעכסטע פּראָנט־טיילן, דעם שליאַך קיין נאַכאַלאָווקע. די אַרבעטער זייַנען געלעגן צעשאָטן אין אַ קייט און האָבן אַכ־טונג געגעבן אָפּן שליאַך.

— ע־עכ... דער עמעסערן טאָג הײַנט! שוין אײנמאָל א טאָג, ס'ארא װארעמקײַט... — האָט מען געשמועסט אין דער קײט.

— יאָ, א היץ — פרעגט שוין ניט... נעכטן האָט מײַן אַלטע אפן מארק געזען, װי אײנער האָט געכאפּ דעם שלאג. געשטאָרבן אפן אָרט...

אן ארבעטער אין א קאָסאָװאָראָטקע, מיט גרויסע שטיװל, מיט א ניטגעגאָלטן פּאָנעם, האָט געפירט איבער דער קײט א קלײן ייִנגעלע. דאָס ייִנגעלע איז געגאנגען שנעל. אים איז געװען פרײַלעך. עס האָט געקוקט דעם טאטן אין פּאָנעם ארײַן און האָט געשמײכלט. דער פאָטער איז געװען פארפינצטערט און האָט געטראָגן אף די אקסלען די ביקס אזוי, פונקט װי ס'װאָלט געװען ניט קײן ביקס, נאָר א קאָראָמיסלע.

א צװײטער ארבעטער האָט גערעדט צו דער פארװײנטער װײַב:

— דו גײ אהײם, האָסט דאָ ניט װאָס צו טון.

זי האָט געקוקט אף אים מיט פארטרערטע אויגן, געװישט מיט דער פּאָלע די אויגן און אַלץ געטײַנעט:

— װאָס האָט איר דאָס פארטראכט? הא? די קינדער... האָט ראכמאָנעס כאָטש אף די קינדער...

— די װײַבערײַ דארפן דיר דאָ אויך ארײַנשטופּן די באָז, — האָט עמעצער א זאָג געטון און אויסגעשפּיגן.

פרויען איז דאָ געװען פיל ארום און ארום. אײניקע האָבן אײַנגערעדט די מאנען זיך אומצוקערן אהײם, זײ האָבן געװײנט, געזידלט. אנדערע האָבן געטראָגן אף די פּאָזיציעס ברויט, װורשט, קאָטלעטן — אלערלײ מײַכאָלים. און אײניקע האָבן זיך געפּאָרעט מיט די זויג־קינדער דאָ אפן אָרט, אונטערן פרײַען הימל, לעבן די מאנען.

— קאָזאקן!

די דרוזשינעס זײַנען שטיל געוואָרן. די װײַבער, קינדער האָבן זיך געגעבן א וואָרף אפּ צוריק, צום טײל. די ביקסנמײַלער האָבן זיך אָנגעצילט אין יענער זײַט, פונוואַנען די פערד האָבן זיך גערוקט מיט פוילן פאָרזיכטיקן טראָט, אופהייבנדיק א שטויב.

קאמאָ האָט זיך ארומגעיאָגט איבער דער קייט, געגעבן באפעלן, אָנגעוויזן ווהין צילעווען, און געשמייכלט, ווי איינער, וואָס אָר־גאניזירט א גרויסן, ראשיקן יאָנטעוו.

— אונדז קען מען נאָך ניט, — אזוי האָט ער גערעדט, — נאָר הײַנט וועלן מיר באווײַזן, ווער מיר זײַנען. גאָט גריסט אײַך, אײַער ווילגעבירטיקייט! געקומענע א שמעק טון, וואָס באטײַט באכאלאָווקע? ביטע, ביטע שיינ! צילט, כעוורע, דעם פערד אין קאָפּ אַרײַן — טרעפט איר דעם קאָזאק אין בויך. לאָמיר דער־ווײַזן, אז מיר קענען שיסן ניט ערגער פון זיי.

און אָט דערהערן זיך שאָסן. דאָס האָבן די ארבעטער גע־געבן א זאלפּ אפּ די קאָזאקן.

די קאָזאקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אווײַלע שטיין געבליבן און פארקערעוועט די פערד אפּ צוריק. דערנאָך ווידעראמאָל גא־לאָפּ פאָרויס און ווײַטער געבליבן שטיין. אָט האָבן זיי צוגע־שפּאָרעט די פערד און מיט לאנגזאמענ טראָט זיך געלאָזט צו די פּאָזיציעס־צו. די ארבעטער האָבן געגעבן א צווייטן זאלפּ. צוויי קאָזאקן, וואָס האָבן גאלאָפּירט פאָרויס, האָבן האסטיק פארקערעוועט אפּ צוריק. קאמאָ האָט אויסגעשטעלט זײַן קייט און אוועקגעפירט זי אפּ די קאָזאקן. פונעם רעכטן פלאנג האָבן די ארבעטער אויך אָנגעגריפן אפּן סוינע. דער אָנגריף האָט זיך אנטוויקלט. אָט האָבן פיר רײַטער צוגעשפּאָרעט די פערד און אוועקגעיאָגט זיך אפּ צוריק, אין שטאָט ארײַן.

די ארבעטער האָבן צו[illegible]עשטויסן די קאָזאקן. קאמאָ איז שוין גרייט געווען צו גלויבן א [illegible] זיג. הורראא! נאָך אביסעלע... און

די ארבעטער וועלן זיך אוועקלאָזן צום נאַמעסטניקס פּאַלאַץ, וועלן פאַרנעמען די גאַסן, די גאַנצע שטאָט, דעם נאַמעסטניק וועט מען אַרעסטירן, די צאַרישע מאַכט איז אויס און עס ווערט פּראָקלאַמירט אַ טראַנסקאַווקאַזער רעפּובליק. ניטאָ מער קיין קנעכטשאַפט! די טורמעס ווערן צעשמעטערט. דער ארבעטער־קלאַס איז דער באַלעבאָס פון לאַנד. ניטאָ מער קיין פּאָליציאַנטן, קיין זשאַנדאַרמען! אַראָפּגעשטירצט דאָס אַלטוואַרג אין אַלדי שוואַרצע יאָר!

— נאָר אָט זײַנען די קאָזאַקן אַראָפּ פון די פערד, צעשאָטן זיך אין אַ קייט און געגעבן אַ זאַלפּ. קאַמאָ קייט האָט ווידער זיך אויסגעלייגט אַף דער ערד. נאָר איין קאַמאָ איז געבליבן שטיין אַף די פיס.

ארומיאָגנדיק זיך איבער דער קייט, האָט ער פּלוצים באַמערקט, אַז צוויי רײַטער האָבן אַרופגעשטיגן אַפן באַרג־רוקן. עפּשער קאָזאַקן? מע מוז שוין, די מינוט אַריבערוואַרפן אַהינצו, צום באַרג באַוואָפנטע אַרבעטער. די קאָזאַקן קענען נאָך פאַרנעמען דעם באַרג, אַרומגיין פונהינטן אַרום אין טיל, און דעמאָלט — מעגן זיך אַלע אופשטענדלער געזעגענען מיטן לעבן... ער האָט אויסגעשטעלט צען מאַן פון דער קייט.

— מיט מיר, כאַווײַרים, אַפן באַרג... שנעל...

ער לויפט אַהין צום באַרג, ווו איין פּאָזיציע איז געבליבן אָפן, ניט פאַרטיידיקט. נאָך אים אײַלן מיט די בערדאַנקעס אין די הענט צען אַרבעטער. אָט איז שוין דער באַרג. זיי קלעטערן אַפן באַרג... אַרופגעשטיגן אַפן שפּיץ. פונונטן — אַ שיסערײַ און ווײַטער קוילעס „הוראַ".

קאַמאָ האָט געוואָלט אַ קוק טון אַראָפּצו, זען וואָס דאָרט טוט זיך, נאָר די מינוט האָט אַ פערדישע מאָרדע אים אַרײַנגערוקט זיך גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן. עפּעס האָט זיך צעטראַס־

קעט, צעוואָיעט, ארופגעוואלגערט זיך אפ אים, ווי א שווערע פינצטערע מאסע, און אומגעוואלגערט פון די פיס. גאנצ נאָענט — א שיסערײַ. נאָר פארוואָס אזוינע הילכיקע, פארטויבנדיקע שאָסנ ווי פון א הארמאט?

אָפּגעקלאפּט דעמ פּאָנעמ אָנ דער ערד, האָט ער זיך שנעל אופגעהויבנ און צוגעדריקט די בערדאנקע צום אקסל. ער האָט זיך געצילט אינעמ נאָענטסטנ קאָזאק, וואָס איז געשטאנענ פאָרנ־טיקער פונ אלע איבעריקע. א שאָס. און די רעגע האָט דער קאָזאק זיך אײַנגעגנורעט אינעמ פערדס גריווע. דאָס פערד האָט זיך צעטראָגנ און אוועקגעיאָגט אינ א זײַט. דער רײַטער האָט אײַנגעזונקענ דעמ קאָפּ און אראָפּגעוואלגערט זיך אפ דער ערד. ווידער א שיסערײַ. קאמאָ איז געלאָפנ, זיך אָפּגעשטעלט, אויס־געשאָסנ, ווידער געלאָפנ, אויסגעגליטשט זיך איבער א טויטנ אומבאוועגלעכנ קערפּער און געפאלנ. דערנאָך איז ער אופגע־שטאנענ. עפּעס האָט דורכגעבליצט פאר אימ מיט א פײַפ. ער האָט דערפילט א קלאפּ אינ נאקנ. ס׳האָט זיך אימ אויסגעוויזנ, אז ער פאלט כאלאָשעס. אָבער ניינ, קאמאָ האָט זיך ווידער אופ־געהויבנ. הייסע שטראָמענ בלוט האָבנ געריננען איבערנ פּאָנעמ. ער האָט עס געפילט אפּנ האלדז, אונטערנ קאָלנער. און אָט האָט מענ אימ ארומגערינגלט, עפּעס האָבנ הענט אינ אימ זיך אײַנגעקלאמערט. מע האלט אימ... ער איז געפאנגענ.

נײַנ מאנ פונ די צענ, וואָס האָבנ דעמ בארג פארטיידיקט, זײַנענ דערהארגעט. איינער, א פארבלוטיקטער, וואָס האלט זיך קאמ אפ די פיס, איז געפאנגענ. אכט קאָזאקנ־רײַטער האָבנ ארומ־גערינגלט דעמדאָזיקנ מאנ אינ א ענגנ רינג און אוועקגע־פירט אימ אינ פארוואלטונג. ווענ מ׳האָט אימ אוועקגעפירט, האָט איינער פונ זײַנע נײַנ כאוויירימ, א פארוווּנדעטער אפ טויט, מיט גרויס מאטערניש זיך אונטערגעהויבנ אפ די הענט און אויסגעקרעכצט:

— אדיע, קאמאָ... מיר וועלן זיך נאָך זען.

דער קאזאקישער וואכמיסטער האָט א ציטער געטון און אופמערקזאַם זיך איינגעקוקט אינעם געפאנגענעם. דערנאָך האָט ער נאָענט זיך אָנגעבויגן צו אים און א פרעג געטון:

— דאָס ביסטו, קאמאָ?

דער געפאנגענער האָט געשוויגן. פון דער ווונד אפן שטערן האָט געיושעט בלוט. ער האָט זיך געפּאָרעט מיטן טיכעלע. ער האָט צוגעלייגט דאָס טיכעלע צו דער וווּנד. דעם וואכמיסטערס פראגע האָט ער ניט געהערט. און דער וואכמיסטער האָט אלץ ניט אופגעהערט צו דערפרעגן זיך וועגן די געווער־לאגערן, וועגן דעם בונטארישן שטאב — וווּ האלט ער זיך אוף. אָבער, ניט ארויסגעקראָגן קיין וואָרט, האָט ער געמאָלדן, אז דעם גע־פאנגענעם דארף מען טייקעף אופהענגען. דער געפאנגענער האָט געשוויגן. דעמאָלט האָט דער וואכמיסטער פאָרגעלייגט אָפשניידן דעם געפאנגענעם די נאָז. דער געפאנגענער האָט גע־שוויגן. אן אָפּגעריסענעם, א פארבלוטיקטן האָט מען אים צו־געשטעלט אין טורמע.

מע האָט קאמאָן ארייַנגעשליידערט אין אן איבערגעפולטער קאמער. דאָס בלוט האָט לאנגזאם גערונען פון קאָפּ און פאר־גאָסן דעם שטערן מיט די אויגן.

V

קאמאָ האָט זיך ארומגעקוקט און האָט זיך צוגעזעצט לעבן וואנט. דאָס בלוט איז אלץ געגאנגען. אָט האָט ער זיך אופגע־הויבן, אריַינגערוקט דאָס נאָזטיכעלע, וואָס ער האָט צוגעלייגט צום קאָפּ די גאנצע וועג, אין קעשענע אריַין, אויסגעטאָן די אונטערשטע העמד און צעריסן זי אף שטיקער. דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט. פינצטערע רעדער זייַנען אים געשוומען

פאר די אויגן. פלוצים האָט אים עמעצער א טאָרע געטון אין אקסל. קאמאָ האָט לאנג זיך איינגעקוקט מיט קאלאמוטנע אויגן אין דעם מענטשן, וואָס איז צוגעגאנגען צו אים, און האָט גאָרניט פארשטאנען. וואָס וויל ער?

— נאט אייך וואסער, — האָט דער מענטש געזאָגט. — בא אים איז געווען א ייִנגלש פּאָנעם אָן וואָנצעס. — וואשט זיך ארום, וואשט ארום דעם קאָפּ.

— א דאנק...

דער מענטש האָט זיך גענומען גיסן וואסער קאמאָן אפן קאָפּ. די וואסער איז אראָפּגערונען גלייַך אפן צעמענטענעם דיל און צעגאָסן זיך אונטער די נארעס. דער מענטש האָט אריינגע־שטופּט קאמאָן אין האנט ארייַן א האנטעכל. קאמאָ האָט א מי־דער אָפּגעווישט דעם קאָפּ, דעם פּאָנעם און איז געקומען צו זיך.

— א דאנק דיר, כאווער, — האָט ער געזאָגט.

— ווו האָט מען דיך געכאפּט? — האָט דער יונגערמאן גע־פרעגט.

— אפּ נאכאלאָווקע.

— דאָרט, אפן בארג, ווו דער שלאכט האָט זיך אָנגעהויבן?

— יאָ.

— מיך האָט מען אויך דאָרט געכאפּט מיט פיר שאָ צוריק, כאָטש איך האָב ניט געקעמפּט און קיין געווער ניט געהאַט, נאָר איך בין געגאנגען אזוי א קוק טון. אָט ווען איך זאָל כאָטש געווען אוועקלייגן א שטיקל עכ פינעף קאָזאקן — וואָלט קעדייַ געווען. און אזוי האָב איך זיך אומזיסט געפּאקט. ווי לאנג וועלן זיי מיך דאָ האלטן?

ער האָט אָפּגעשוויגן און מיט א זיפץ צוגעגעבן:

— און עפּשער וועט מען מיך איבערגעבן צום קריגס־געריכט?

— דו שרעקסט זיך פארן געריכט?

— ניין, איך שרעק זיך ניט. עס גלוסט זיך גלאט ניט זיצן איבער א נארישקייט.

— נישקאָשע, ס׳וועט אלץ גוט זיין.

— מ׳זאָגט, קאמאָ האָט זיך באטייליקט אינעם שלאכט, און די קאָזאקן האָבן אים צעהאקט. מיט א צענדליק מענטשן איז ער געגאנגען פארטיידיקן די פּאָזיציע קעגן א גאנצן עסקאדראָן.

קאמאָ האָט אפּ אים א קוק געטון מיט מידע אויגן.

— און וואָס האָסטו געהערט וועגן קאמאָ?

— פיל געהערט. און דו האָסט דען גאָרנישט געהערט וועגן קאמאָ? נאָך אים וואָלט איך געגאנגען אין פייער און אין וואסער...

— און ווער ביסטו?

— איך בין א פארמאצעווט פון רוכאדזשעס אפטייק — איך האָב א מוטער, און זי האָט פיינט, אז איך דריי זיך ארום דאָרט ווו מע שיסט. און מיר געפעלט עס דאפקע. ס׳גלוסט זיך מיר זייער שיסן אין די זשאנדארמען. נאָר פארוואָס פארשפארן זיי אומשולדיקע מענטשן? לאָמיר זאָגן, איך האָב געהארגעט א פּאָלקאָווניק אָדער גענומען א קאָזאק אפן שפּיז... אָבער גלאט אין דער וועלט אריין, פאר גאָרניט...

קאמאָ האָט זיך פּלוצים פארטראכט. ער האָט אפילו פארגעסן וועגן זיין וווּנד.

— אָט וואָס, כאווער, דו וואָלסט געוואָלט ליידן פאר דער רעוואָליוציע?

— פאר דער רעוואָליוציע? נאָך א מין. אָבער ווי קען מען זיצנדיק אין טורמע נוצן ברענגען דער רעוואָליוציע? א רעוואָליוציאָנער צו זיין גלוסט זיך יעדערן, אָבער ניט יעדערער קען.

קאמאָ האָט אים גענומען פאר דער האנט.

— דו האָסט קיינמאָל ניט געזעען קאמאָ?

— היינט אפ נאכאלאָווקע, נאָר פונדערווייטנ. ער האָט מיר אויסגעוויזנ נאָכ זייער יונג.

— קאמאָ איז ניט דערהארגעט. ער לעבט. ער איז דאָ אינ טורמע אינ דער־אָ קאמערע, ער שטייט פאר דיר. איכ בינ קאמאָ.

דער פארמאצעווט האָט אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגנ, האָט זיכ פארויטלט, דערנאָכ האָט ער זיכ צעשמייכלט.

— דו... דו ביסט קאמאָ! נו יאָ, איכ בינ טאקע געווענ זיכער. כאָטש מע האָט דאָ געפּלוידערט, אז מע האָט דיכ דערהארגעט, נאָר איכ האָב ניט געגלויבט. מע קענ דענ טויטנ קאמאָ? קאמאָ וועט זיי נאָכ באווייזנ!

— הער־זשע ווייטער. צייט איז טייער. ווי איז דיינ פאמי־ליע?

— שאנשיאשווילי.

— איז אָט, ווילסטו ווערנ א רעוואָליוציאָנער — קענסטו עס אויספירנ דאָ אינ טורמע. דו האָסט בעיאד מיכ צו ראטעווענ מיכ וועט מענ אופהענגענ מאָרגנ, איבערמאָרגנ, איבעראכ־טאָג. געוויס וועט מענ מיכ אופהענגענ. ערשט האָב איכ גע־הארגעט א קאָזאק, אונ אינ דער פארגאנגענהייט האָב איכ אפ זיכ אסאכ פעקלעכ. מיר וועט מענ ניט שענקענ, פארשטייסט?

— איכ וועל דיר העלפנ אנטלויפנ... נאָר וויאזוי?

קאמאָ האָט פאריכט זיינע בינטנ אונ שטיל געזאָגט:

— דעריקער איז, אז ס׳זאָל דיר שפּעטער ניט באנק טונ. כאָטש, צוריק גערעדט, וועט מענ דיכ דערפאר ניט הענגענ, אונ פרי־ער צי שפּעטער וועט מענ דיכ באפרייענ...

— באנק טונ? ניינ. מיר וועט ניט באנק טונ. איכ וועל ראטעווענ קאמאָ. דאָס איז נאָכ בעסער איידער אוועקלייגנ א צענדליק קאָזאקנ!

— אלזאָ, גוט. די זאַך איז זייער פּאָשעט. דאָ אין טורמע בײַטן מיר זיך מיטן אָנטאָן. דו וועסט מיר געבן דײַנע דאָקו־מענטן. מ׳האָט נאָך אונדז בײדן ניט פֿאַרהערט. מיך קען מען דאָ נ־ט אין פּאָנעם, און דו ביסט ניט קיין סאַך ייִנגער פֿון מיר. דו וועסט זײַן קאַמאַ. איך — שאַנשיִאַשווילי, און דאָס איי־בעריקע וועל איך אַליין אָפּטון. דעריקער, דאַרפֿסטו זיך האַלטן אַפֿן פֿאַרהער ווי קאַמאַ, קאָלזמאַן איך בין דאָ אין טורמע. דערנאָך מעגסטו צוריק ווערן שאַנשיִאַשווילי.

ער האָט אופֿמערקזאַם געקוקט אפֿן פֿאַרמאַצעווט, וואַרטנ־דיק אַפֿ זײַן באַשלוס.

— איך בין מאַסקים, — האָט דער פֿאַרמאַצעווט געזאָגט. — נאָר וויִאַזוי זאָל איך זיך פֿאַרוואַנדלען אין קאַמאַ?

— דעריקער, האַלט זיך שטאָלץ. ענטפֿער אַפֿ די פֿראַגן האָזעדיק. און אויב דו וועסט ניט וויסן ווי צו ענטפֿערן — איז שווײַג, פּונקט ווי דו ווייסט אַלץ, נאָר דו ווילסט ניט רעדן.

פֿון דער מינוט אָן איז קאַמאַ געוואָרן שאַנשיִאַשווילי, און שאַנשיִאַשווילי — קאַמאַ.

דעמזעלבן טאָג האָט דער אויספֿאָרשער פֿאַרהערט קאַמאַ. דער אַרעסטירטער האָט זיך געהאַלטן פּרעכ. אַפֿ אַלע פֿראַגן האָט ער געענטפֿערט מיט פֿאַראַכטלעכן שווײַגן. דער אויספֿאָר־שער איז אופֿגעקאָכט געוואָרן, אים איז ניט געלונגען עפּעס אַרויס־צוקריגן פֿונעם אַרעסטירטן.

„אַ כיטרער מענטש, — האָט דער אויספֿאָרשער געטראַכט. — נאָר ס׳וועט אים העלפֿן, ער איז שוין סײַווי אין פּעסל"...

קאַמאַ האָט זיך אומגעקערט צו זיך אין קאַמער.

גלײַך נאָכדעם האָט דער אויספֿאָרשער אויסגערופֿן שאַנשיִאַ־שווילי און טייקעף נאָך דער ערשטער פֿראַגע האָט ער פֿאַר־שטאַנען, אַז ער האָט צו טון מיט אַ נארישעוואַט, טאַמעוואַט

ייִנגל. א פײַנער בונטאָווזשטשיק, עס ציטערן דאָך בא אים די קני פון שרעק און אָט־אָט וועט ער זיך צעוויינען.

שאנשיִאשווילי האָט זיך צעוויינט. ער איז איבערגעשראָקן אפ טויט. ער קען דאָס ניט איבערטראָגן, אז אים זאָל מען אָנרופן ארעסטאנט. פארוואָס? איז ער דען עפּעס א פארברעכן באגאנגען? צוהאלטנדיק דעם בינגט אפן קאָפּ, האָט ער דערקלערט, אז בעשאס דער בוטשע איז ער געפאלן און צעקלאפּט זיך דעם קאָפּ אָן א שארפן שטיין. שאנשיִאשווילי האָט געניי דערציילט, וויִאזוי ער איז געקומען אפ נאכאלאָווקע נאָך דער דעזשור־סטווע אין רוכאדזעס אפטייק, ווו ער דינט אלס פארמאצעווט. ער איז דאָך געגאנגען, איז ער, זיך זען מיט דער קאלע, וואָס וווינט אפ נאכאלאָווקע, הײַנט וואָס פאר א פּאָנעם וועט ער האָבן פאר דער קאלע פאר זײַנער, און מיט וואָס פאר א פּאָנעם וועט ער איצטער קומען אהיים פונעם ארעסט? הײַנט ווי וועט אים די מאמע באוויינען...

דעם ארעסטירטנס טײַנעס האָבן דעם אויספאָרשער גערירט און ס׳האָט אים פרייליך געמאכט די פלווידערײַ פונעם יונגנמאן, וואָס האָט זיך צופעליק געפּאקט אין טורמע. אָבער זײַן פליכט איז שטרענג צו זײַן.

— און קאמאָ איז אײַך באקאנט?

— וואָס־זשע, קאמאָ זאָל מיר ניט זײַן באקענט! ווע־מען איז דאָס ניט באקאנט קאמאָ!

דער אויספאָרשער האָט זיך אָנגעכאפּט:

— ווו־זשע האָט איר אים געזעען?

— המ... מאָדנע, אײַער הויכוויילגעבירטיקײַט האָט געוויס אויך ניט איינמאָל געזעען קאמאָ. ס׳וואקסט אין פעלד — ווער ווייסט דען ניט, ס׳א גראָז אזא... אין פעלד איז אָן א שיר פאראן קאמאָ...

— גלאָמפּ! ניט קיין גראָז... ס'האַנדלט זיך ניט וועגן גראָז, נאָר וועגן אַ מענטשן.

דער אויספאָרשער האָט אַ זיפץ געטון און געהייסן שאַנשי־אַשווילין זיך כאַסמענען אונטערן פּראָטאָקאָל. דערנאָך האָט ער אַרויסגערופן דעם אופזעער און געהייסן אָפּפירן דעם פאַרמאַצעווט אין דעם נאָענסטן פּאָליציי־צירקל, און פון דאָרטן זאָל אַ פּאָליציאַנט אים צושטעלן אונטער אַ קאַבאָלע־צעטל אינעם צירקל פונעם ראַיאָן, וווּ עס וווינט אָט דער שלימאַזלדיקער יונגערמאַן.

---

מ'האָט שאַנשיאַשווילין אָפּגעפירט אין דעם נאָענסטן פּאָליציי־צירקל און איבערגעגעבן אים דעם דעזשורנע אונטער אַ קאַבאָלע־צעטל. דער דעזשורנע האָט געפּאָלגט דעם באַפעל פונעם אויספאָרשער און צוגעשטעלט צום אַרעסטירטן אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט אים געדאַרפט אַוועקפירן אין זיין ראַיאָן־צירקל, קעדיי מ'זאָל דאָרטן פעסשטעלן זיין פּערזענלעכקייט. דער פּאָליציאַנט האָט לאַנג געבורעט און געזידלט זיך: עפּעס אַן אָנשיקעניש — אַלע מאָל פיר אָפּ אַ נייעם שאָלטעק דער רוער ווייסט ווהין. נאָר אַז דער פאַרמאַצעווט האָט זיך אַרויסגערופן דינגען אַ דראָזשקע אָפּ זיין כעשבן, איז דער פּאָליציאַנט ווייכער געוואָרן.

זיי זיינען אַוועקגעפאָרן. דער שלעפעריקער פורמאַן האָט זיי געהעצקעט איבער די טיפליסער ברוקירטע גאַסן.

דער פאַרמאַצעווט האָט פריילעך געפּלוידערט און דערציילט דעם פּאָליציאַנט, וואָס האָט גוטמוטיק צוגעהערט זיינע מייסעס, וועגן זיין קאַלע און וועגן דער כאַסענע זייערער, און וועגן דעם קינד, וואָס וועט בא זיי געבוירן ווערן, און וויאַזוי זיי וועלן איינלאַדן דעם הער פּאָליציאַנט אָפּ דער סימכע, אויב נאָר דער הער פּאָליציאַנט וועט זיי אָנטאָן דעם קאָוועד צו קומען.

פלוצים איז דער פארמאצעווט אנשוויגנ געוואָרנ. ער איז געוואָרנ אומעטיק אונ האָט זיכ פארטראכט.

— וואָס־זשע ביסטו אנשוויגנ געוואָרנ, מײַנ פרײַנט? — האָט א פרעג געטונ דער פאָליציאנט.

— אײַער ווילגעבירטיקײַט, ס׳א ביזאָיענ... אפ מײַנ וואָרט...

— וואָס איז א ביזאָיענ?

— די כאַוויירימ וועלנ מיכ אויסלאכנ אונ די גאנצע גאס וועט לאכנ. א ביזאָיענ אפנ גאנצנ לעבנ... אונ די קאַלע וועט אויכ ניט וועלנ כאסענע האָבנ פאר אנ ארעסטאנט.

— נישקאָשע, זי וועט וועלנ, — האָט דער פאָליציאנט א שמייכל געטאָנ.

— ניינ, זי וועט ניט וועלנ. „ארעסטאנטנ" — דאָס איז דאָס ערגסטע וואָרט. דערלויבט מיר, אײַער ווילגעבירטיקײַט, וועל איכ אוועקפאָרנ אליינ אָנ אײַכ אינ צירקל. מע וועט זאָגנ: — „אָט האָט מענ געבראכט צו פירנ שאנשיאשווילי מיט די טאצנ", א בושע, זאל איכ אזוי לעבנ.

דער פאָליציאנט האָט גענומענ טראכטנ, וואָס זאָל ער דאָ טונ. א ראכמאָנעס אפנ יונגנמאַנ, אָבער — די דינסט־פליכט איז אויכ ניט קיינ הונט. איבעריקנס, האָט ער גלײַכ אופגעהערט צו וואקלענ זיכ, ווענ ער האָט דערפילט אינ זײַנ האנט דעמ ארעסטאנטס האנט, וואָס האָט אימ ארײַנגערוקט עפּעס א פּאפירל צווישנ די פינגער. „א פינפערל צי א דרײַערל?"

— נו, אנ עק, פאָר אליינ. שטיי, פורמאנ.

דער פאָליציאנט איז אראָפּגעקראָכנ, איבערגעגעבנ דעמ פורמאנ א פּאקעט אונ אָנגעזאָגט אימ, ער זאָל דעמ פאקעט צוזאַמענ מיטנ ארעסטירטנ איבערגעבנ דעמ דעזשורנעמ פונמ צירקל.

— צומ ווידערזענ, אײַער ווילגעבירטיקײַט. קומט צו גיינ אפ דער סימכע.

---

אפ מאָרגנ איז אינ טורמע ארײַנגעקומענ דער אויספאָרשער פונ אויסערסט־וויכטיקע איניאָנים. דעמ ערשטנ האָט ער ארויס־גערופנ קאמאָ. לאַנג אונ אופמערקזאמ האָט ער באטראכט דעמ ארעסטירטנ. יענער איז געבליבנ שטײנ בא דער טיר. „עפּעס א נארישער פּאָנעמ בא דעמ העלד. כ׳האָב זיכ ניט געריכט...״

— קומט אהער נעענטער, ארעסטירטער. אָט אזוי... נו־ס דערציילט אונדז, וויאזוי איר האָט נעכטנ געקעמפט, וויאזוי איר זײַנט אנטלאָפנ פונ דער באטומער טורמע... ווענ דער דרוקערײַ דערציילט, ווענ דעמ געווער, ווענ דעמ אונטער־גראָבנ זיכ אונטער דער גאָריער קאזנאטשײסטווע... וואָס? איבע־ריקנס, זײַנט איר נאָכ גאָר א יונגער פּארשוינ — אונ אופּטוענ אזוינע גרויסע. דעמ עמעס זאָגנ, האָב איכ זיכ פאָרגעשטעלט קאמאָ גאָר אנדערש.

דער ארעסטירטער איז נעענטער צוגעגאנגענ צומ טיש, אונ פּלוצימ האָט ער זיכ אײַנגעבויגנ, די הענט אראָפּגעלאָזט אפּ די קני אונ פארגאנגענ זיכ מיט א לאנגנ דריבנעמ געלעכטער, אז דער גאנצער־קערפּער האָט בא אימ געציטערט.

— איכ בינ אזוי קאמאָ, ווי איר זײַנט קאמאָ. איכ בינ — פּאר־מאצעווט שאנשיאשווילי... קאמאָ — פּיו! ניטאָ קאמאָ. ער איז נעכטנ אנטלאָפנ פונ טורמע.

דער אויספאָרשער האָט זיכ א כאפּ געטונ פארנ פּאָרטפעל, אריבערגעפירט דעמ בליק אפנ צעדולטנ טורמע־שעפ אונ אויס־געצישעט:

— דערלויבט, וואָס באטײַט דאָס אלצ? ווער האָט עס אָפּגע־שפּילט אָט די קאָמעדיע? איכ פארשטײ דאָ גאָרניט. ברענגט מיר צו פירנ קאמאָ! ק־א־מאָ!..

———

ווידער זײַנענ געפלויגנ פּאפּירלעכ אונ דער טעלעפאָנ האָט געקלונגענ פונ טורמע אינ זשאנדארמענ־פּארוואלטונג. אונ

ווידער האָט מען געשטערט די רו פון דער בלויער פאפקע. מע האָט זי ארויסגעצויגן פון שאפע, צעלייגט אפן טיש, לאנג און זאָרגעוודיק געמישט די צונויפגענייטע בויגנס, צוגענייט אקו־ראט נייע פאפירן. דידאָזיקע פאפירן האָבן דערציילט וועגן איינעם און דעמזעלבן מענטשן: וועגן קאמאָ.

די מיטלען, וואָס די זשאנדארמען־פארוואלטונג און דער פאָליצמייסטער האָבן אָנגענומען, האָבן קיינע רעזולטאטן ניט געגעבן.

פאפירן זיינען געפלויגן איינס נאָכן צווייטן איין [illegible]אנדאר־מען־פארוואלטונג. די בלויע פאפקע איז אָנגעשוואָלן געוואָרן און פארוואנדלט געוואָרן אין אן עמעסן גראָסבוך. די ערשט־צוגענייטע באריכטן האָבן אָפגעטראָטן דאָס אָרט פאר פראָטאָ־קאָלן. נאָך די פראָטאָקאָלן זיינען געגאנגען ווענדונגען, צו די ווענדונגען זיינען צוגעלייגט געוואָרן נאָכפאָרשונגען, צו די נאָכפאָרשונגען זיינען צוגעלייגט געוואָרן סאכאקלען פון נאָכ־שפירונגען, צו זיי זיינען צוגעקומען ראפאָרטן, צו די ראַ־פאָרטן — נאכריכטן און בריוו.

אָט דידאָזיקע גאנצעברייטע קאָרעספאָנדענץ, געכאסמעט מיט די געהעריקע סכימעס און געשטעמפלט מיט די קרוינישע שטעמפלען, איז געווידמעט געווען איין מענטשן — קאמאָ.

„אפן סמאך פון דער נאָכפאָרשונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך מיין עלטסטן געהילף, האָב איך די ערע מיטצו־טיילן, אז אייערנעכטן אינאָוונט זיינען אפ דער פראכט־סטאנ־ציע אנטדעקט געוואָרן קאסטנס מיט אן אופשריפט „עלעקטרי־שע מאכשירים", וואָס זיינען אָנגעקומען אפן אדרעס פון דעם, וואָס וועט אָנגעבן דעם דובליקאט פון דער פאקטור. דעם פאָ־ליציי־אגענט, וועלכער האָט געטראָגן די דינסט אפ דער פראכט־סטאנציע, האָבן זיך די אויבנדערמאנטע קאסטנס אויסגעוויזן

פארדעכטלעך, און ער האָט אומגעזאַמט געמאַכט אַן אונ־טערזוך. אַנשטאָט עלעקטרישע מאַכשירים האָבן אין די קאַסטנס זיך אַרויסגעוויזן פּאַטראָנעס, וואָס זײַנען איבערגעשיקט געוואָרן, וואַרשײַנלעך, צוליב פאַרברעכערישע צילן, פון באַטום קיין טיפ־ליס דורך די רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. די ווײַטערדיקע אויספאָרשונג, וואָס איז פאָרגעזעצט געוואָרן איבער דער אור־זאַך שוין דורך מיר פּערזענלעך, האָט אַפּגעוויס פעסטגעשטעלט, אַז די אויבנדערמאַנטע פּאַטראָנעס האָט אַרויסגעשיקט פון באַ־טום אַ פּערזאָן, וואָס דאַרף זײַן לויט אַלע סימאָנים דער אײַך באַוווּסטער קאַמאָ, וועלכער מוז אין איצטיקן מאָמענט שוין זײַן אין טיפליס".

פּאַפּירן זײַנען געפלויגן אין זשאַנדאַרמען־פאַרוואַלטונג אין גרויסע שווערע פּאַקעטן, מיט אופשריפטן אַף די קאָנווערטן — „זייער געהיימ", „אויסערסט־קאָנפידענציעל", — מע האָט גע־וואָרנט, מע האָט באַריכטעט, מע האָט צו וויסן געגעבן.

... „איך ווענדע אײַער אופמערקזאַמקייט אַף דעם אומשטאַנד, וואָס הײַנט זײַנען אין באַגאַזש־אָפּטייל פון טיפליסער וואָקזאַל אַרײַנגעקומען דרײַ אומבאַוווּסטע און האָבן דערלאַנגט אַ קוויי־טאַנציע אַף צו באַקומען באַגאַזש, וואָס איז אָנגעקומען פון באַ־טום. אַף די פעסט־אײַנגעפּאַקעוועטע הילצערנע קאַסטנס איז געווען אַן אופשריפט: „מאַנדאַרינעס". אַפן דעקל פון איינעם פון די קאַסטנס האָט זיך איין ברעטל אַרויסגעוויזן צופעליק אָפּגעריסן, און דער באַן־אַגענט האָט באַמערקט, אַז אין קאַסטן זײַנען אײַנגעפּאַקעוועט ניט קיין מאַנדאַרינעס, נאָר ביקסן. אַז ער האָט געפרעגט, פאַרוואָס געפינען זיך אין די קאַסטנס אַנ־שטאָט מאַנדאַרינעס ביקסן און ווער איז דער באַלעבאָס פון דעם געווער, האָט איינער פון די אומבאַוווּסטע, צושטעלנדיק צו זײַן ברוסט אַ רעוואָלווער, געהייסן שווײַגן, און זײַנע כאַ־

ווײַרים האָט ער געהייסן גיכער אַרויסשלעפּן די קאַסטנס אַפּן פּעראָן. דער באַגאַזש װאָלט אוועקגעטראָגן געװאָרן דורך די אומבאַװוּסטע, װען אין דעם מאָמענט זאָלן ניט געװען אַרײַנגיין קיין פּאַסאַזשירן אין באַגאַזש־אָפּטייל. אומגעװאַלגערט איינעם פון זיי צו דער ערד, איז דער אומבאַװוּסטער, װאָס האָט געדראָט דעם באַן־אַגענט מיטן רעװאָלװער, אַרויסגעשפּרונגען אַפּן פּעראָן און צוזאַמען מיט די איבעריקע פאַרברעכער איז ער פאַרשװוּנדן געװאָרן. לויט די עקסטרא באַקומענע ספּראַװוּקעס און לויט דער נאָכפאָרשונג, װאָס איז געמאַכט געװאָרן דורך דעם זשאַנדאַרמען־אונטעראָפּיצער, איז דער בײַזװיליקער פאַרברעכער, װאָס האָט געדראָט מיטן רעװאָלװער, דער אײַך באַװוּסטער קאַמאָ"...

אין עטלעכע טעג אַרום איז אין זשאַנדאַרמען־פאַרװאַלטונג אָנגעקומען נאָך איין פּאַפּירל.

„ערשט איצטער איז באַװוּסט געװאָרן בא װעלכע אומשטענדן ס'איז פאָרגעקומען דאָס אַנטלויפן פון 32 פּאָליטישע פאַרברעכער פון מעטעכער שלאָס[1]. פון דרויסן איז אונטער די װענט פונעם שלאָס דורכגעגראָבן געװאָרן אַן אונטערערדישער דורכגאַנג. דערדאָזיקער דורכגאַנג איז גאַנץ מײַסטעריש דורכגעפירט געװאָרן ביז צו די קאַמערעס פון די פאַרשפּאַרטע. שפּעט באַנאַכט האָט די אַרעסטירטע זיך אײַנגעגעבן, מיט דער הילף און שטיצע פון בײַזװיליקע פונדרויסן, אַרויסצוגיין אַפדערפרײַ. אינדערפרי האָט מען זיי נאָכגעיאָגט, נאָר קיינע רעזולטאַטן זײַנען ניט דערגרייכט געװאָרן. דורך דעם פאַרהער פון איינעם פון די קאַזעמאַט־דינער, װעלכער האָט זיך מודיע געװען, אַז ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דעם, האָט זיך אײַנגעגעבן פעסטצושטעלן, אַז מיטן אונטערגראָבן און דערנאָך אויך מיטן אַנט־

---

1) טיפליסער טורמע.

לויפן האָט אָנגעפירט דער באַוווּסטער פּאָליטישער פאַרברעכער קאַמאָ. צום באַדויערן, האָט זיך ניט איינגעגעבן פעסטצושטעלן ניט דאָס אָרט, ווו ער האַלט זיך אויף, און ניט די נעמען פון די איבעריקע אָנטיילנעמער, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן".

## VI

— יעדער באַפעל פונעם קאָמיטעט איז פאַר אַ סאָלדאַט פון דער רעוואָלוציע הייליק און אומבאַשטרייטלעך. אויב דער קאָמיטעט וועט שיקן דעם קעמפער אַפּ אַ זיכערן טויט, דאַרף דער קעמפער פאָלגן. קיין רעוואָלוציאָנער איז קיין באַלעבאָס ניט אַפּ זיין אייגענעם לעבן. אויב די מערהייט האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, קען ער ניט ניט אויסגעפילט ווערן דורך אַן איינצלנער פּערזאָן. אין דעם איז די לעבנס-קראַפט פון דער רעוואָלוציע.

אַזוי האָט קאַמאָ גערעדט, ווען ער האָט אויסגעריכט אין וועג אַריין דעם כּאַוער גאָגי, וואָס האָט געוואָלט צושטעלן קאַסטנס מיט ליטעראַטור קיין אָזורגעטי. ער האָט באַטראַכט דעם אָנצוג, וואָס גאָגי האָט זיך אין אים באַדאַרפט אויספּוצן, נאָכאַמאָל אויסגעהערט, צי באַזיצט גאָגי גוט די פויערשע אויסשפּראַך, ווידעראַמאָל איבערגעכאַזערט דעם פּלאַן, וואָס גאָגי האָט באַדאַרפט אויספילן, און אָבעראַמאָל אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און אַ שמייכל געטון:

— אָט אַזוי... אויסגעצייכנט, גאָגי. דו וועסט זיין אַ גוטער קעמפער. אָט אַזוינע מענטשן דאַרף די רעוואָלוציע. אַנו, דריי זיך אויס. זייער גוט. גיי זיך דורך. ריכטיק. באַווייז ווי דו וועסט זיך קלאָגן דעם זשאַנדאַרם, לעמיי מע האָט צעבראָכן די אייער אין דיין קעסטל. ניין, ניט אַזוי. דו דאַרפסט זיך אומבאַדינגט צעוויינען. דו דאַרפסט זיך ווענדן צו אים — „אייער וווילגעבויר-

טיקייט". פרווו־זשע! אָט אזוי. איצטער איז ריכטיק. יעדער רע־וואָליוציאָנער דארף קענען שפילן אין לעבן ווי אן עכטער אקטיאָר אף דער בינע. דאָס איז אונדזער בעסטע פארטיי־דעקונג. אויב מיר וועלן זיך ניט אויסלערנען שפילן — וועט מען אונדז דערשטיקן ווי די הינדלעך. באוויַיז אָקאָרשט, וויאזוי עס שפאַנען די קאָנדוקטאָרן פון די פראכט־צוגן אף די סטאנציעס. ניין, ניט אזוי — צו גיך. זיי גייען לאנגזאם און שאָקלען זיך אָט אזוי, קוק זיך גוט צו. זיי זיַינען פארטויבט פונעם לאנגן וועג, פון דער וואגאָנען־טראסקעריַי, פון דער שאָקלעניש, פון די שלאָפלאָזע נעכט. זיי קאָנען ניט גיין גיך אף די סטאנציעס. אנו, באוויַיז ווי עס בעטלען בא די קלויסטערס פראָפעסיאָנעלע בעטלערס. גיי זיך מאָרגן דורך איבער די קלויסטערס און שטודיר אויס. דו קענסט נאָך שוואך די בעטלער. דיר וועט צונוץ קומען דאָס קענען פארשטעלן זיך פאר א בעטלער...

צו דער קאמפ־אָרגאניזאציע, וואָס קאמאָ האָט מיט איר אָנגעפירט, איז צוגעפעסטיקט געוואָרן א גרופע יונגע רעוואָליוציאָנערן, וואָס זיַינען ערשט אריַינגעטראָטן אין דער פארטיי. די מערהייט איז געקומען אהער גלייך פון דער שול־באנק. זיי אלעמען פלעג מושטירן קאמאָ.

קאמאָ האָט ניט בלויז אָנגעפירט מיט דער יוגנט. אים איז אויסגעקומען אויסצופילן פיל אנדערע שליכעסן פונעם קאָמיטעט, וואָס אויספילן זיי האָט געקענט נאָר ער איינער.

אָט דארף ער גיין אין דרוקעריַי. דאָרט האָט זיך עפּעס געטראָפן. די פאָליציי האָט, אפּאָנעם, דערשמעקט א שפור פון דער דרוקעריַי. מע דארף טייקעף צוזוכן אן אנדער אָרט און אריבערטראָגן אלע מאשינעס, שריפטן און פאפירן אין א מער זיכער אָרט. מע דארף צוטראכטן וויאזוי דאָס אריבערצופירן. מע טאָר ניט אָפּלייגן אף קיין איין מינוט. „מיר וועלן ארויס־

פירן די דראָשקעס וויי קלוימערשט מיסט היינטערן שטאָט, — האָט קאַמאָ צוגעטראַכט, — דאָרט וועלן מיר זי אָראָפּוואַלגערן, און ווײַטער וועלן מיר זען".

און ער פירט אַוועק די דראָשקעס אויף דעם מיסט־פּלאַץ און פון דאָרטן יאָגט ער זיך צו דער פראַכט־סטאַנציע אַנטקעגן זיך וועגן דעם באַגאַזש, וואָס איז מיט אַ וואָך צוריק אַרויסגעשיקט געוואָרן פון באַטום. דאָ פאָדערט זיך די גרעסטע פּאָרזיכטיקייט. דעם קאַסטן פּאַטראָנעס האָט מען געפּאַקט — די פּאָליציי שפּירט נאָך נאָך די פּעקלעך.

פון דער סטאַנציע לויפט ער צום טעלעגראַף, פונעם טעלעגראַף אין די אײַזנבאַן־וואַרשטאַטן, פון דאָרטן דאַרף מען גיין אין דוכאַן „טיליפּוטשורי" און באַגעגענען זיך מיטן אונטערגעקויפטן שרײַבער פון דער זשאַנדאַרם־פאַרוואַלטונג, קעדיי קלאָר צו מאַכן, צי האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו לייגן אַ שטעמפּל אויף די פאַרגרייטע בלאַנקען... דערנאָך דאַרף מען צוזוכן 3 אָפּיצערישע פּאָרמעס, וואָס זײַנען נייטיק צו דער נעסיע פון די כאוויירים קיין באַקו. קאַמאָ האָט קיינמאָל ניט גערוט. אַלע 24 שאָ זײַנען געווען בײַ קאַמאָן אויסגערעכנט ביז דער לעצטער מינוט. פון דידאָזיקע שאָען איז בלויז אַ נישטיק ביסעלע צײַט אָנגעקומען אויף רו, אויף שלאָף. ער האָט זיך געלערנט ניט שלאָפן. ער פלעגט זאָגן: „שלאָף איז פּונקט אַזאַ געוווינהײַט, ווי טאַבאַק. אויב מע זאָל זיך באַהערשן און זיך באַמיִען ניט שלאָפן אַבסאָליוט אַ גאַנצע וואָך, קען מען פאַרגעסן וועגן שלאָף. אַ מענטש איז פעיִק ניט צו שלאָפן פיר כאַדאָשים".

אַמאָל האָט געלעבט אויף דער וועלט סעמיאָן טער־פּעטראָסיאַנץ. דער פאָטער האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ גוטן הענדלער, פאַר אַ יוירעש פון זײַן געשעפט. שוין־זשע איז געווען אַמאָל אַזאַ צײַט, ווען סעמיאָן טער־פּעטראָסיאַנץ האָט געקענט זיך באַווײַזן

אפ דער גאס מיט זײַנ אייגענעמ פּאָנעמ? קאמאָ געדענקט ניט אזא צײַט. ער געדענקט ניט זײַנ פּאָנעמ. הײַנט — א שיטער בערדל פונ א בעטלער, מאָרגנ — אָנגעפּארבטע וואָנצעס פונ א פּאָליציי־פּריסטאוו, איבערמאָרגנ — א פּאריק אונ א בונדע פונ א גאלעכ...

איצטער קאָנ ער ניט מאכנ קיינ 500 שפּאנ, ער זאָל ניט ענדערנ זײַנ אויסזענ. אינ דעפּאָ ארײַנ קומט קאמאָ צו גיינ אָנגעטאָנ ווי א יונגער סטודענט־פּראקטיקאנט, אויסגעפּוצט אינ א נײַעמ מונדיר מיט גלאנצנדיקע קנעפּ, פונדאָרטנ גייט ער אוועק — איז ער שוינ א פארפינצטערטער ארבעטער אינ א בלויער פארשמאָלצענער בלוזע. אזוי פּאָדערט זײַנ פּראָפעסיע. די פּראָפעסיע צווינגט אימ צו קומענ אפ דער פּאָטשט אלס א בריוונטרעגער אָדער א צײַטונג־פארקויפער, אפנ מארק צווינגט זי אימ צו זײַנ א פריילעכער קינטאָ[1]), וואָס שיט אפ רעכטס אונ לינקס כאָכמעס אונ וויצנ, אונ אינעמ דוכאנ „טיליפּוטשורי" — א טעכניק, וואָס איז ערשט געקומענ פונ ווילדנ העק א לעב צו טונ אינ דער גרויסער שטאָט.

די פּראָפעסיע האָט אימ אָפּגעוויינט פונ שלאָפ, אונ ווענ ער איז אפילע געשלאָפנ, איז דער שלאָפ זײַנער געווענ אנ אומרויִקער אונ וואכזאמער, ווי בא א כײַע, א שלאָפ, וואָס האָט אימ ניט געשטערט צו פילנ אלצ, וואָס ס'האָט אימ ארומגערינגלט — קוילעס, א שאָרכ פונ א מויז, דעמ טיק־טאק פונעמ טאשנ־זייגער. די פּראָפעסיע פלעג אימ פארטרײַבנ אינ קלויסטער אונ פארוואנדלענ אימ אינ א גאלעכ. די פּראָפעסיע פלעג באלייגנ שלאָפנ קאמאָ אינ וואלד אָדער אינ א פײַכטנ קעלער, זי פלעג אימ ארופשלײַדערנ אפ די דעכער פונ גייענדיקע צוגנ אונ אפ די בופערנ פונ די וואגאָנעס.

---

1) קינטאָ — א גאס־הענדלער.

נאָך דעם 1905 יאָר, ווען די פּאָליציי פלעג אונטערשיקן שפּי־אָנעס אין יעדער פאַבריק, אין יעדער צעך, ווען הונדערטער און טויזנטער רעוואָליוציאָנערן זײַנען פאַרזעצט געוואָרן אין די טפּיסעס, איז די פּאַרטיי געצווונגען געוואָרן אוועקצוגיין אין אונטערערד.

יעדער רעוואָליוציאָנער האָט געמוזט זײַן פּאָרזיכטיק און גע־שיקט — אַניט וואָלט די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע צעקלאַפּט געוואָרן, און דער אַרבעטער־קלאַס וואָלט געבליבן אָן זײַנע פירער.

אָט פאַרוואָס קאַמאָ פלעג אויסקומען צו פאַרוואַנדלען זיך אָט אין אַ גאַלעך, אָט אין אַ הענדלער; אָט פאַרוואָס די פּראָ־פעסיע זײַנע פלעג אים צווינגען צו נעכטיקן אין נאַסע קעלערס, שפּרינגען אָפּ די דעכער פון די וואַגאָנעס און פאָרן אָפּ די בופערן.

## VII

איינמאָל איז דעם קאַווקאַזער נאַמעסטניקס קאַנצעליאַריע אומ־געריכט באַוממרויִקט געוואָרן. פון פּעטערבורג איז אָנגעקומען אַ ידיִעה, אַז די רעוואָליוציאָנערן קויפן אויף געווער אין טער־קײַ. דאָס גרייטן זיי זיך צו אַן אויפשטאַנד אין טיפליסער גובער־ניע. מיטן אײַנקויפן פירט אָן דער אַגענט פונעם קאַווקאַזער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישן פאַרבאַנד קאַמאָ. דאָס פּעטערבורגער פּאַפּירל האָט געפאָדערט, מע זאָל אָנעמען די געהעריקע מיט־לען. מיטלען זײַנען אָנגענומען געוואָרן, נאָר ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן — אומזיסט.

ס'איז ניט באַשערט געווען דעם טראַנספּאָרט געווער, וואָס האָט אַזויפיל יסורים פאַרשאַפט דער רוסישער רעגירונג, צו קומען בעשאָלעם קיין רוסלאַנד.

— די קליינינקע אַלטע שיף, וואָס קאַמאָ האָט אײַנגעקויפט אין בולגאַריע, האָט אָנגעטראָפן אָפּ אַ שטורעם באַם רומענישן

ברעג און איז דערטרונקען געוואָרן מיטן געוווער צוזאַמען. מיט גרויס מי האָט זיך איַינגעגעבן די אָרטיקע פישער אָפּצוראַטע־ווען די שיפמאַנשאַפט מיט די רעוואָלוציאָנערן און צושטעלן זיי צום ברעג.

אין צוויי וואָכן אַרום נאָך דערדאָזיקער קאַטאַסטראָפע האָט זיך דער פאַרטיי־קאָמיטעט פאַרזאַמלט אין א קליין שטיבעלע אַפ נאַכאַלאָווקע. די פאַרזאַמלונג איז געווידמעט געווען קאַמאָס צוריקער. געקומען זיַינען ניט נאָר די מיטגלידער פון קאָמיטעט. עס זיַינען געקומען קימאַט אַלע מיטגלידער פון דער קאַמפּס־דרוזשינע, וואָס די טיפליסער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע האָט גע־שאַפן לויט קאַמאָס איניציאַטיוו.

אָט דידאָזיקע רויִקע, גוטמוטיקע מענטשן האָבן פאַרשאַפן דער אויסשפּיר־פּאָליציי פיל מער טירחע, ווי טויזנטער קרימי־נעלע פאַרברעכער.

דאָס האָבן זיי געמאַכט די עקספּראָפּריאַציעס אין קווירילי און קוטאַיס. דאָס האָבן זיי אָרגאַניזירט שטרייַקן און אופשטאַנדן אין דידובע, אין נאַדזאַלדעווי, אין באַטום און איבער גאַנץ טראַנס־קאַווקאַז. דאָס האָבן זיי אַרויסגעפירט די טיפליסער אַרבעטער מיט רויטע פאָנען און מיט רעוואָלוציאָנערע לידער אַפ די שטאָ־טישע גאַסן אין 1905 יאָר.

עליסאָ, קאָטע, וואַנאָ, באַטשואַ, דאַטיקאָ, אַרקאַדי, פּעאָפּיל, אַקאַקי, עליקאָ — אַלע זיַינען דאָ געווען און אַלע האָבן געוואַרט אַפ קאַמאָ.

קיינער פון זיי האָט ניט געוווסט, צי וועט ער נאָך מאָרגן לעבן בלייַבן, נאָר אַלע האָבן זיי גיכער אויסגעזען, ווי פריילעכע סטודענטן, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַפ א ליאַמע, נאָר בעשומויפן ניט ווי מענטשן, וואָס דער טויט שטייט הינטער זייערע פּלייצעס.

קאמאָ איז נאָך ניט געקומען. ווײַזט אויס, ערגעץ זיך פֿאַר־האַלטן.

פּלוצים האָט זיך אָנגעפֿאַנגען געטון די טיר.

פֿריִער איז אַרײַנגעקראָכן אַ קאָרב מיט פּערשקעס. דערנאָך — אַ וואָג. אונטער דער וואָג האָבן געשמײַעט שיך מיט נײַער פֿאַרדרייטע אַרופּצו. און דערנאָך — אַ לאַנגע נאָז, אַראָפּגעהאַנ־גענע וואָנצעס, אַרומלויפֿנדיקע אויגן.

— אײַ, פּערשקעס! ווער דאַרף פּערשקעס! קום, נעם, שעם זיך ניט! אַ מעציִע פֿאַר אַ גאַנעוו, האַלב אומזיסט, ווער עס קויפֿט — דער געניסט! אײַ, פּערשקעס, פּערשקעס...

אַלע פֿאַרזאַמלטע אין צימער האָבן זיך אָנגעשפּיצט און אַרײַנ־געלייגט די הענט אין די קעשענעס. וואָס דאַרף דאָ דער קינטאָ? ווער איז ער?

און דער קינטאָ איז שוין אַרײַנגעקראָכן מיט זײַן קאָרב אין צימער אַרײַן. וואַנאָ איז צו אים צוגעגאַנגען און אַ נעם געטון פֿאַרן אַקסל:

— וואָס דאַרפֿסטו דאָ? ווער ביסטו?

פּלוצים האָט דער קינטאָ אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. זע נאָר, ס׳איז דאָך קאמאָ! ווי געשיקט זיך עס, וואָס זיי האָבן אים ניט דערקענט?

דער באַריכט איז געווען קורץ און קלאָר. קאמאָ האָט דער־ציילט, וויאַזוי ער האָט זיך אַריבערגעפּעקלט קיין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל, באַ וועמען און פֿאַר וויפֿל געלט ער האָט געקויפֿט דאָס גע־ווער און די שיף. ער האָט דערציילט וועגן דעם שטורעם, וועגן דעם אומקום פֿון דער שיף און וועגן די פֿישער, וואָס האָבן געראַ־טעוועט די שיפֿמאַנשאַפֿט באַ דעם רומענישן ברעג.

קאמאָ האָט זיך אָפּגערעכנט פֿאַר יעדער קלייניקייט. אָט איז אַ וואַרעמעס פֿאַר 50 קאָפּיקעס. אָט אַזויפֿיל האָבן געקאָסט בי־

לעטן אין צוג, אזויפיל די יאם־רייזע. א באָמער אין האָטעל, א באָד, א פלאש ווייַן, הויצאָעס אפּ געווער, כאבאר די באאמטע פון קאָנסטאנטינאָפּאָלער טאמאָזשניע. נאָך ציפערן — רובלען, קאָפּיקעס, וואָס זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אפּ זיך פערזענלעך.

קאמאָ האָט געענדיקט און אוועקגעזעצט זיך אפּ זיין אָרט. ער האָט ארויסגענומען זיין פּאָרטסיגאר און פארויכערט א פּאַפּיראָס.

באלד איז ארויסגעטראָטן סילוועסטער, דער לידער פון דער מענשעוויסטישער פראקציע. ער האָט אויסגעהאלטן א פּאוזע, א בלינצל געטון מיט די אויגן און אונטערגעהויבן דאָס בערדל. די פארזאמלונג האָט זיך אָנגעשפּיצט.

— נאָך אין קוטאיס, — האָט סילוועסטער געזאָגט, — האָב איך מיט מייַנע פּארטיי־כאווירים פּארטיידיקט דעם שטאנדפּונקט, וואָס האָט זיך איצטער בארעכטיקט, אז ס׳האָט ניט געלוינט צו פארשווענדן געלט אפּ אייַנצוקויפן געווער אין טערקייַ. צי איז קעדייַ געווען אויסצוגעבן מיטלען אפּ אָט דער בעפיירעש האָפּענונגלאָזער אונטערנעמונג?

— האָפּענונגלאָזע? — האָט עמעצער איבערגעפרעגט, — און פונוואנען האָסטו געוווּסט, אז זי איז האָפּענונגלאָז? ווען ס׳זאָל ניט געווען אויסגעבראָכן קיין שטורעם, וואָלט די שיפּ גאנץ געבליבן און דאָס געווער וואָלט שוין איצטער געווען בא אונדז אין די הענט.

— מיר האָבן געוווּסט... מיר האָבן דיסקאָנטירט...

— וואָס האָט איר געוווּסט און וואָס האָט איר דיסקאָנטירט? אז די שיפּ וועט גיין צו גרונט? — האָט א צווייטע שטים געפרעגט. אין די רייען האָט זיך דערהערט א געלעכטער.

סילוועסטער איז אביסל צעמישט געוואָרן. ער האָט קלוימערשט פארהערט די פראגע און פאָרגעזעצט:

— אויב מע האָט שוין באַשלאָסן שיקן קיין טערקײַ באָך גע־
ווער, האָט מען עס באַדאַרפט איבערגעבן עמעצן אַנדערש, נאָר
ניט קאַמאַ. קאַמאַ קען ניט זײַן קיין קאָמערסאַנט. פאַרוואָס האָט
ער געקויפט אַזאַ שיף, וואָס באַ דעם ערשטן שטורעם איז זי
אַוועק צום גרונט?

— און דו, סילוועסטער, פאַרוואָס האָסטו ניט געקראָגן אַזוי־
פיל געלט, אַז קאַמאַ זאָל סטײַען צו קויפן אַ פּאַנצערשיף, אָדער
אַשטייגער, אַ אָקעאַן־שיף?

די פאַרזאַמלונג האָט זיך הילכיק צעלאַכט. סילוועסטער האָט
זיך אַוועקגעזעצט אַ פאַרשעמטער אַפּ זײַן אָרט.

דעמאָלט איז קאַמאַ, וואָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען צו־
געשפּאַרט צו דער וואַנט, אַרויסגעגאַנגען אַפּן מיטן צימער.

— אויב סילוועסטערס גרופּע טוט באַנק דאָס פאַרלוירן־גע־
גאַנגענע געלט, וועלן מיר אומקערן דעם קאָמיטעט דרײַ מאָל,
פיר מאָל אַזויפיל — זאָל נאָר דער קאָמיטעט דערלויבן.

סילוועסטער איז ווידער אַרויסגעטראָטן און האָט געמאָלדן,
אַז די עקספּראָפּריאַציעס, וואָס קאַמאַ רעקאָמענדירט, קענען
סאָפּקאָלסאָפּ ברענגען צו גאָר ניט קיין געוווּנטשענע רעזול־
טאַטן, די עקספּראָפּריאַציעס וועלן צערײַצן די באַפעלקערונג
און צווינגען דאָס פאָלק צו קוקן אַפּ די רעוואָלוציאָנערן, ווי
אַפּ באַנדיטן. ער האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן עקספּראָפּריאַציעס.
אַז סילוועסטער האָט געענדיקט זײַן רעדע, איז געוואָרן אַ
שרעקלעכער טומל. אומזיסט האָט דער פאָרזיצער געפּרוווט רופן
די פאַרזאַמלונג צו אָרדענונג. אַלע זײַנען אופגעשפּרונגען פון
די ערטער. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגערײַ.

נאָר אָט איז ווידער אַרויסגעטראָטן קאַמאַ. די פאַרזאַמלונג
איז אַנשטילט געוואָרן.

— עפּשער וועט איר הייסן זיך אַוועקשטעלן אין גאַס מיט אַן
אויסגעשטרעקטער האַנט און בעטלען: שענקט אַ קאָפּיקע די

אָרעמע רעוואָליוציאָנערנ אַפ דער רעוואָליוציע? — האָט ער אויסגעשריגנ. — עפשער וועט איר אָרגאניזירנ אַנ זאמל־בויגנ אונ ארומטראָגנ אימ איבער דעמ נאמעסטניקס קאנצעליאריעס — האָט ראכמאָנעס, גוטע לייט, מיר בייטיקנ זיכ... מיר ווילנ מאכנ א רעוואָליוציע, אראָפשטירצנ די מאכט, נאָר מיר האָבנ קיינ געלט ניט... שענקט, אייער דערלויכטיקייט, אירט האָבנ א מיצווע... ניינ, די רעוואָליוציע בעטלט ניט! זי פאָדערט, זי נעמט! מיר דארפנ דרוקנ ליטעראטור, באוואָפענענ די ארבעטער, שאפנ באוואָפנטע קאדרענ פאר דער רעוואָליוציע, אַנ ארבעטער־גווארדיע, מיר דארפנ האָבנ געלט אַפ נעסיעס קיינ באקו, באטומ, יעליזאוועטאָפאָל, קעדיי צו האלטנ פארבינדונג מיט די פארטיי־אָרגאניזאציעס. דאָסדאָזיקע געלט וועט אונדז קיינער ניט געבנ. מיר וועלנ עס נעמענ אליינ — באמ רייכנ סויכער וועלנ מיר נעמענ, בא דער מעלוכישער מאכט, אינ די קאזנאטשייסטווע, אינ די בענק!.. יאָ, אינ די בענק... איכ בינ מאסקימ, אַז עקספּראָפּריאציע איז אַנ אכזאָריעסדיקע זאכ, אַנ אכזאָריעסדיקע דערפאר, וואָס ס׳קומט אמאָל אויס צו מאקריוו זיינ לעבנס פונ אומשולדיקע מענטשנ. אָבער קיינ אנדערע וועגנ זעענ מיר ניט. ווייזט אונדז אנדערע וועגנ, מער גערעכטערע אונ רויִקערע, וועלנ מיר זיכ טייקעפ אָפּזאָגנ פונ עקספּראָפּריאציעס. נישטאָ אזוינע וועגנ. ס׳איז א ווייטיק צו וויסנ, אַז צומאָל קענענ ליידנ אומשולדיקע מענטשנ — די וואכ, די באאמטע... אָבער וואָס זאָל מענ טונ? אינ קאמפ מוז מענ אלצ אָפּערנ...

מיט גרויס מאטערניש האָט זיכ דעמ פאָרזיצער איינגעגעבנ צו בארויִקנ די פארזאמלונג.

מע האָט נאָמענטלעכ אָפּגעשטימט די פראגע: צי דארפ מענ עקספּראָפּריאציעס אָדער ניט? די מערהייט האָט אָנגענומענ קאמאָס פאָרשלאג.

מ'האָט באופטראָגט די קאמפ־גרופע, אז זי זאָל, אונטער קאַ־מאָס אָנפירונג, קריגן געלט־סומעס, וואָס דער קאָמיטעט דארף אפ איינצוקויפן געווער, דרוקמאשינעס און פאפיר.

## VIII

אין א זוניקן יוני־מאָרגן איז דער קאסיר פון מעלוכע־באנק קורדיומאָוו מיטן כעשבנפירער גאַלאָווניא געקומען אין פאָטשט צו באקומען 250,000 רובל, וואָס זיינען אָנגעקומען פון פעטער־בורג. דער פאָטשט־באאמטער האָט ארויסגעגעבן קורדיומאָוון דאָס געלט. קורדיומאָוו האָט איבערגעציילט די פיין־איינגעפאַ־קעוועטע פעקלעך אסיגנאציעס און אריינגעוואָרפן זיי אין א לעדערן רענצל. דערנאָך איז ער ארויסגעגאנגען צוזאמען מיטן כעשבנפירער און אריינגעזעצט זיך אין פאעטאָן. פינף קאָזאקן האָבן דעם פאעטאָן באגלייט. צוויי סטראזשניקעס זיינען געזעסן אפ דער קעלניע פונעם פאעטאָן. זיי זיינען אוועקגעפאָרן צום עריוואנער פלאַץ־צו.

מענגעס מענטשן האָבן געשמייעט איבערן פלאץ הין און צו־ריק. א זקיינע האָט געפירט א קינד אין א וויגעלע. צווישן דעם אוילעם האָט זיך א הונט ארומגעיאָגט און זאָרגזאם באשמעקט יעדערנס פיס. זעט אויס, פארלאָרן דעם באלעבאָס. א קארשן־פארקויפער האָט געטראָגן אפן קאָפּ א גרויסן, שווערן געפלאָכ־טענעם שטרויענעם קאָרב, און אויך געשריגן: — קארשן! קארשן! ווער דארף קארשן! קארשן!... — א גימנאזיסטן איז צוגעגאנגען צום פארקויפער. יענער האָט אראָפּגענומען דעם קאָרב פונעם קאָפּ און אוועקגעשטעלט אפ דער ערד. פלוצים איז צום פארקויפער צוגע־לאָפן א פריסטאוו און געהייסן גלייך נעמען דעם וועג. די גימנאַ־זיסטן האָט דערשראָקן אָנגעקוקט דעם פריסטאוו. דער פארקוי־פער האָט אופגעהויבן דעם קאָרב אפן קאָפּ און אוועקגעשפאנט.

דער פּריסטאוו איז צוגעגאנגען צו דער אַלטיטשקער, וואָס האָט געפירט דאָס וויגעלע, האָט אַף איר אָנגעשריגן און געהייסן זיך אָפּטראָגן גיכער פונעם פּלאַץ. די אַלטיטשקע איז באַלד ניט געבליבן. דער פּריסטאוו האָט פארנומען א פּאָזיציע אַפן מיטן פּלאַץ און גענומען צעטרייבן די דורכגייער. ער האָט געהאלטן אין האנט אן אראַפּניק און האָט מיט אים אזוי ווילד געפאָכעט, אַז אַלע האָבן זיך פון אים אָפּגעטראָגן אין אַלע זייטן. דעם פּריסטאווס געלע וואָנצעס זיינען געשטאנען קאַפּויר. דער פּאָנעם — פול מיט גרימצאָרן.

— גאָספּאָדא, גאָספּאָדא, ארום און ארום גייט. דורכגיין דורכן פּלאַץ איז פארבאָטן.

באַלד איז דער עריוואנער פּלאַץ געוואָרן פּוסט ווי א מידבער. נאָר איין מענטש מיט א פּעטראָווער הוט און ווייסע קאָוקאזער שטיוול האָט לאנגזאם ארומגעשפּאצירט איבערן פּלאַץ מיט א ברייט־צעוויקלטער צייטונג אין די הענט. דער פּריסטאוו האָט אים ניט געזעען.

פונדערווייטנס האָט זיך באוויזן אין א וואָלקן שטויב דער פּאַעטאָן. פאר דעם פּאַעטאָן האָבן געריטן צוויי קאָזאקן מיט בליקן צעבויטעטע פון היץ און אָנשטרענג. די איבעריקע דריי האָבן געריטן בא די זייטן און הינטן. יעדע סטראַזשניקעס, וואָס זיינען געזעסן אין פּאַעטאָן, האָבן קיין אויג ניט אראָפּגעלאָזט פונעם־לעדערנעם רענצל.

אָט איז דער פּאַעטאָן שוין אַפן פּלאַץ. דער פּריסטאוו ווארפט זיך אַף אַלע זייטן:

— גאספּאדא... גאספּאדא, גייט אוועק... דער דורכגאנג דורכן פּלאַץ איז פארמאכט. פארבאָטן־ס... א באפעל פון דער עלטסטער מאכט... וואָס פארשטייט איר דאָ ניט? גאספּאדא, גאספּאדא, טרעט אָפּעט...

אין דערזעלבער סעקונדע, ווען די פערד האָבן מיט דריב־
נעם גאַלאָפּ דורכגעשניטן דעם פּלאַץ, האָט פון א געסל זיך
ארויסגעיאָגט דעם פּאַעטאָנס אנקעגן א מענטש. ער האָט אופגע־
הויבן די האַנט. אין האַנט האָט ער געהאַלטן [א טונקעלן פּאַ־
קעט. די סטראַזשניקעס האָבן גלייך זיך אָנגעשטויסן, פאַרוואָס
דער פּאַטלאַטער מענטש לויפט גלייך אפ די פערד. איינער האָט
באַוויזן זיך אונטערצוהייבן און א געשריי טון קורדיומאָוון: —
הער קאַסיר, א באָמבע! — נאָר ס'איז שוין געווען שפּעט. דער
פּאַטלאַטער פאַרשוין האָט א שליידער געטון דאָס פּעקעלע גלייך
אונטערן פּאַעטאָן. דער פּלאַץ האָט אופגעציטערט פון א דוי־
ערנדיק־וואָיענדיקן געהילכ.

מיט דער קראַפט פונעם אופרייס זיינען די סטראַזשניקעס און
דער פּורמאַן ארויסגעפלויגן פונעם פּאַעטאָן. זיי זיינען געלעגן
פאַרהלושעטע אפ דער ערד. איינגעהאַלטן זיך אינעם פּאַעטאָן
האָבן בלויז קורדיומאָוו און גאַלאָווניא. דער פּאַעטאָן איז גאַנץ
געבליבן. די צעדולטע פערד האָבן זיך צעטראָגן און אוועקגע־
יאָגט פאָרויס. די איבערגעשראָקענע רייטער־פערד האָבן זיך צע־
טראָגן אין די זייטיקע געסלעך.

אַלץ איז פאָרגעקומען אזוי אומגעריכט, אז קורדיומאָוו האָט
אפילע ניט באַנומען — וואָס, אייגנטלעך, איז דאָ פאָרגעקומען?
און ערשט א האַלבע מינוט נאָך דעם אופרייס האָט ער פאַר־
שטאַנען: „אַן אָנפאַל... דאָס געלט! וווּ איז דאָס געלט!" ווי דורכן
שלאָף האָט ער איבערגעטראָגן דעם בליק אהין, וווּ דאָס לע־
דערנע רענצל איז געלעגן. דאָס רענצל איז געווען גאַנץ. לעבן
דעם רענצל איז געזעסן א בלייכער, אָן א היטל, גאַלאָווניא.

קורדיומאָוו האָט זיך ארופגעכאַפּט אפן רענצל און אוועק־
געזעצט זיך אפ אים, אונטערשפּרינגענדיק פון די שטויסן פונעם
פּאַעטאָן, וואָס איז שנעל געפלויגן. „נו, דאַנקען גאָט, דאָס געלט

איז גאנצ״, האָט ער א טראכט געטון, אויסשטעלדיק א פּאָר אויגן אפ גאָלאָווניא, וואָס איז פון דערשרעק געזעסן ווי א דולער.

די עקספּראָפּריִאציע איז דורכגעפאלן. דאָס רענצל ליגט ניט גערירט אין פאעטאָן. די פערד זײַנען שוין דורכגעפאָרן דעם פּלאץ און טראָגן זיך אפ סאָלאָלאקער גאס. די געפאר איז פארביי. קורדיומאָוו האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך. ער קלײַבט שוין פאנאנדער די אויסיעס אפ די באקאנטע שילדן, וואָס שווינדלען דורך פאר זײַנע אויגן.—„וואַרשט־האנדל מאגאלאדזע״. „ווײַנקע־לער קירקעלי״... „פּרישע בולקעס״... „טרונעס״... דאנקען גאָט... דאנקען גאָט — האָבן ציטעריק געפּליסטערט זײַנע ליפּן.— דאָס געלט וועט צוגעשטעלט ווערן אין באנק אריַין גאנצערהייט.

ער האָט זיך געפּרוווט אונטערהייבן און אוועקזעצן זיך אפן זיצברעטל, לעבן גאָלאָווניא. נאָר אין דער רעגע איז ארופגע־שפּרונגען אפן טריטברעטל פונעם פאעטאָן אן אומבאוווסטער פארשוין אין א פּעטראָווער הוט. פון זײַן פּידזשאק־קעשעניע האָבן ארויסגעשטעקט צעקנייטשטע שטיקער פון א צעפּליק־טער צײַטונג.

ער האָט א שטויס געטון קורדיומאָוון מיטן פויסט אין ברוסט ארײַן, אָנגעכאפּט זיך פארן רענצל און א שלעפּ געטון דאָס רענצל צו זיך. קורדיומאָוו האָט זיך אויך אײַנגעקלאמערט אינעם רענצל און מיט געבעט א קוק געטון אפן מענטשן מיט דער פּע־טראָווער הוט. יענער האָט א שטארקן שטויס געטון קורדיו־מאָוון מיט דער פוס און ארויסגעוואָרפן אים פונעם פאעטאָן. דאָס רענצל איז שוין געווען בא דעם אומבאוווסטן אין די הענט. דאן האָט גאָלאָווניא זיך אָנגעכאפּט מיט ביידע הענט פארן רענצל... דער פארשוין מיט דער פּעטראָווער הוט האָט מיט א שטארקן שטויס פון דער פוס ארײַנגעזעצט דעם בעשבנפירער אפן דנאָ פונעם פאעטאָן.

ווען דער אומבאַוווּסטער איז שוין פאַרשוווּנדן געוואָרן מיטן רענצל, האָט גאַלאָווניא מיט פאַרלייַכטערונג אָפּגעאָטעמט: א ריינע שיינע קאַפּאָרע דאָס געלט, אַבי ער איז שוין זיכער מיטן לעבן... איבערן פּאַנעל זייַנען געלאָפן איבערגעשראָקענע דורכ־גייער. זיי האָבן נאָכגעקוקט דעם פּאעטאָן, וואָס האָט זיך צעט־ראָגן מעשוגענערווייַז. אין פאעטאָן איז געשטאַנען א צעדול־טער מענטש און געגוואַלדעוועט:

— באַראַבעוועט... דערהאַרגעט!... אַנטלאָפן!...

די אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דעמזעלבן טאָג, האָט פעסטגעשטעלט, אַז געמאַכט די עקספּראָפּריאַציע האָט די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פונעם רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט. דער יונגערמאַן, וואָס האָט אויסגעריסן בא גאַלאָווניא דאָס רענצל פון די הענט און איז נעלעם געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, — איז דער באַקאַנטער מיטגליד פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע — באָטשוא. די אויספאָרשונג האָט אויך פעסטגעשטעלט, אַז דער מענטש מיט דער פּעטראָווער הוט, וואָס האָט געשפּאַצירט מיט א צייַטונג אין דער האַנט אַף עריוואַנער פּלאַץ עטלעכע מינוט פאַרן אויפרייַס, און באָטשוא — איז איינע און דיזעלבע פּערזאָן. די בריט־צעוויקלטע צייַטונג האָט געדינט פאַר אַלע איבעריקע עקספּראָפּריאַטערס פאַר א סיגנאַל צום אָנפאַל.

די נעמען פון די איבעריקע מיטגלידער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינעם אָנפאַל, האָט זיך ניט איינגעגעבן פעסטצושטעלן.

ערשט אין א שטיק צייַט אַרום האָט די זשאַנדאַרמענ־פאַר־וואַלטונג קלאָר געמאַכט נאָך איין דעטאַל: דער פּאָליציי־פּריס־טאַוו, וואָס האָט אַזוי ענערגיש צעטריבן דעם האַמוין פאַרן אָנ־פאַל, איז געווען — ווער, זאָלט איר מיינען? — דער באַוווּסטער קאַמאָ.

דאָסמאָל האָט מען געלאָזט אין דער אַרבעט דעם אויסשפּיר־מעכאַניזם פון גאַנצ טראַנסקאַווקאַז. די מאַכט האָט באַשלאָסנ אום יעדער פּרײַז פּאַקנ די עקספּראָפּריִאַטערס און אייַנמאָל איבער אַלע מאָל מאַכנ א סאָפ צו דער שטענדיקער געפאַר, וואָס האָט געדראָט דער געזיכערטקייט פון דער מעלוכישער קאַסע.

די אויסשפּיר־נאַטשאַלסטווע וואָלט מאַסקימ געווענ אוועקצושענקענ נאָכ איינ געלט־טראַנספּאָרט — אַבי כאַפּנ קאַמאָ.

און מע האָט אים ענדלעכ געכאַפּט. עטלעכע כאַדאָשימ נאָכ די געשעענישנ אַפנ עריוואַנער פּלאַצ איז קאַמאָ אַרעסטירט געוואָרנ אין דײַטשלאַנד; די בערלינער פּאָליציי איז, אַפּאָנעמ, געשיקטער געווענ, ווי די טיפליסער.

אין אווגוסט 1907 יאָר האָט מען אין בערלינ, אַפ עלזאַסער שטראַסע, פאַרהאַלטנ דעם אַגענט פונ איינער א סטראַכיר־געזעלשאַפט מירסקי.

ניט געקוקט אַפ דער זאָרגזאַמ געמאַכטער אונטערזוכונג און נאָכ מער זאָרגזאַמענ פאַרהער, אי[illegible]ער דײַטשישער פּאָליציי דאָכ ניט געלונגענ צו קריגנ אַ ענטפער אַפ דער פראַגע, וואָס האָט זי אינטערעסירט — וועלכע סיבעס האָבנ געצווונגענ דעמ מירסקי צו קומענ קיינ בערלינ און פאַרוואָס ד[illegible]כ ארויסגעוויזנ בא אימ אינ טשעמאָדאַנ א דאָפּלטער [illegible] און אינעמ כאָלעל — אופרײַס־שטאָפּנ? צו וואָס האָט אימ געטויגט א מאַשינדל, וואָס איז צוגעפּאַסט צו מאַכנ אופרײַסנ דורכ עלעקטרע אַפ א מעהאַלעכ? אַפ די דיזאָזיקע פראַגעס האָט דער אויספאָרשער, וועלכער האָט מירסקינ פאַרהערט אינ דער אַלטער בערלינער טורמע אַלט־מאָאַביט, קיינ ענטפער ניט געקראָגנ. דאָכ האָט דער אויספאָרשער עפּעס יאָ פעסטגעשטעלט: דער אַרעסטירטער,

האָט ער פעסטגעשטעלט, איז גאָר קיין מעכוטנ ניט מיט קיינ שומ סטראכיר־געזעלשאפט, ער איז גאָר א „רוסישער אנאר־כיסט“[1]) סעמיאָנ ארשאקאָוויטש טער־פעטראָסיאנצ, מיטנ צונע־מעניש קאמאָ.

מע האָט אימ אינקרימינירט צוויי באשולדיקונגענ: א בארוי־בונג אפ עריוואנער פלאצ אונ פארשפרייטונג פונ רעוואָליוציאָ־נערער ליטעראטור, וואָס רופט ארויפצושטירצנ די געזעצלעכע מאכט אינ רוסלאנד.

דער עלטסטער אויספאָרשער פונ מאָאביט האָט ארויסגערופנ קאמאָ אפ א פארהער.

— רופט אָנ אייער פאמיליע, נאָמענ, פאָטערס נאָמענ, דעמ שטענדיקנ וווינאָרט, — האָט דער אויספאָרשער געזאָגט.

קאמאָ האָט פארויכערט א פאפיראָס, אופמערקזאמ אָנגעקוקט דעמ אויספאָרשער אונ א שמייכל געטונ.

— איר ווייסט, אז פאר אזוינע פארברעכנס, ווי אייער ע קומט טויט־שטראָף?

קאמאָ האָט ווידער אָפגעשוויגנ מיט א שמייכל.

— צו וועלכער נאציאָנאליטעט געהערט איר?

— א געבוירענער בינ איכ אנ ארמענער, נאָר איינצייטיק בינ איכ א רוס, א גרוזינ, א דייטש, א פראנצויז, אנ ענגלענדער, א מא־לייעצ, א נעגער... אינ מיר זיצנ אלע נאציעס פונ דער וועלט.

דאָס איז געווענ אנ אומגעריכטער ענטפער פארנ אויספאָר־שער, וועלכער איז געווינט געווענ צו פינקטלעכע פאָרמולירונ־גענ. בא אימ האָט זיכ ארייַנגעגאנוועט א כשאד, אז טאָמער איז דער ארעסטירטער גלאט אנ אומנאָרמאלער מענטש.

---

1) אינ יענע צייטנ האָט די דייטשישע רעגירונג, פונקט ווי די רוסישע, אָנגערופנ „אנאר־כיסטנ“ אלע רעוואָליוציאָנערנ, צו וועלכער פארטיי זיי זאָלנ ניט געהערנ.

ביז עפּעס וואָס האָט ער באַפוילן אים אַרײַנצוזעצן אין אַ ספּעציעלער קאַמער.

---

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט איינער פון די אופזעער אַ קוק געטון דורכן קאַמערע־פענצטערל, וואָס טוט עפּעס דער „רוסישער אַנאַרכיסט״, האָט ער באַמערקט, אַז דער אַרעסטירטער שטייט אומבאַוועגלעך בײַ דער וואַנט, קוקט גלײַכגילטיק אַפן דיל און כאַפּט מיט דער לינקער האַנט בײַ זיך פון איבערן קאָפּ פליגן צי מאָל. נאָר ניט קיין פליגן, ניט קיין מאָל איז אין קאַמערע ניט געווען.

אַ מינוט פינף שפּעטער האָט דער אופזעער ווידער אַרײַנגעקוקט אין פענצטערל און דערזעען, אַז דער אַרעסטאַנט האָט אויסגעגלאָצט די אויגן אַף דער טיר און פּרוּווט זיך אונטערשפּאַרן מיט דער פּלייצע די וואַנט.

דער אופזעער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז אַרײַן אין קאַמערע.

דער אַרעסטאַנט האָט זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע, אַ פיר געטון מיט די פינגער איבער די האָר, דערנאָך האָט ער לאַנגזאַם און גלײַכגילטיק אָנגעוויקלט אַפן פינגער אַ פּאַסמע האָר און אויסגעריסן זי פונעם קאָפּ.

— שרעקלעך!..— האָט דער אופזעער דערשראָקן געמורמלט,— ער איז פון זינען אַראָפּ!— דער טורמע־שעף האָט געגעבן צו וויסן דעם אויספאָרשער וועגן דעם אַרעסטירטנס אופירונג. דער אויספאָרשער האָט אויסגעהערט די האַשאָרעס פונעם אופזעער און פונעם טורמע־שעף, אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, פּונקט ווי ער האָט עס שוין פון פריִער גוט געוווּסט, און געזאָגט:

— אַזוי האָט עס טאַקע געמוזט זײַן. איין מענטש קען ניט זײַן איינציַיטיק אי אַן אַרמענער, אי אַ גרוזינער, אי אַ רוס, אי

א דײַטש, אי א פראנצויז, אי א נעגער. דאָס קען ניט זײַן. ער איז מעשוגע געוואָרן.

---

דעם עלטסטן פראָקוראָר פונעם קעניגלעכן לאנדגעריכט האָט באומרויִקט דער געזונט־צושטאנד פונעם וויכטיקן פארברעכער. איבער אים האָט דאָך געקענט זיך פארבינדן אן אומאנגענע־מער דיפּלאָמאטישער בריוו־אויסטויש. לויט דעם געהיימען אָפּ־מאך צווישן דער דײַטשישער און רוסישער רעגירונגען איז יע־דערע פון זיי געווען פארפליכטעט ארויסצוגעבן די „אנארכיסטן“ דעם פארינטערעסירטן צאד. דער אויספאָרשער האָט ארויסגע־פאָדערט קיין מאָאביט ספּעציאַליסטן דאָקטוירים. ער איז גע־ווען אין פארלעגנהײַט פון דעם, וואָס די באדינגונגען פון דער אויספאָרשונג האָבן זיך פארקאָמפּליצירט, ער האָט געוואָלט גי־כער פארענדיקן מיט דעמדאָזיקן ארעסטאנט, און ער האָט ניי־טיק באדארפט אויסקלאָרן, צי איז דער ארעסטאנט ווירקלעך קראנק אָדער ניט. און אויב קראנק, איז ווי לאנג וועט נאָך דויערן זײַן קרענק?

די מעדיצינישע באטראכטונג האָט באשטעטיקט דעם אויס־פאָרשערס האשאָרעס.

אין צוויי כאדאָשים ארום נאָכדעם, ווי דער ארעסטירטער איז פארשפּארט געוואָרן אין קאמערע, האָט דער דאָקטער פאַר־נאָטירט אינעם קראנקנבאריכט א באמערקונג: „געבושעוועט. שטייט אין ווינקל. ענטפערט ניט“.

שפּעטער מיט דרײַ טעג איז אין קראנקנבאריכט צוגעקו־מען נאָך א באמערקונג: „אויסגעטון זיך. ענטפערט ניט אף קיין איין פראגע: זיפצט און קרעכצט. אָפּגעזאָגט זיך צו עסן“.

יעדע דרײַ טעג פלעג דער פראָקוראָר באקומען דידאָזיקע באריכטן.

„ניין, דאָס איז סימוליא .ע, אָן צווייפל סימוליאציע,— האָט דער פּראָקוראָר געטראַכט. — ־איִם דראָט טויט־שטראָף. קלאָר: ער האָט באַ זיך געפּויעלט „אראָפּ פון זינען“, אַבי ארויסדרייען זיך פון טויט“...

אז מע האָט געגעבן צו וויסן דעם פּראָקוראָר, אז טער־פּעטראָ־סיאנץ, וועלכער איז שוין אריבערגעפירט געוואָרן אין הער־בערגער שפּיטאָל, האָט אָנגעשלאָגן די אופזועער, אראָפּגעוואָרפן אפן דיל דאָס געפּעס און געהאלטן שוין באַ אויסהאקן די שויבן, האָט דער פּראָקוראָר געפונען פאר נייטיק צו רעקאָמענדירן דעם דירעקטער פונעם שפּיטאָל, אז ער זאָל אויספּרוּוון דעם פארברעכער אין א קאלטער קאמער.

דער דירעקטער פונעם שפּיטאָל האָט ניט געפונען קיין שום ווידערשפּרוך צווישן די פאָדערונגען פון דער מעדיצין מיט דער פאָדערונג פונעם פּראָקוראָר און האָט באַפוילן אריַינזעצן טער־פּעטראָסיאנצן אף זיבן טעג אין א קעלער, ווו מ׳האָט אופ־געהאלטן א שטענדיקע טעמפּעראטור נידעריקער פון נול. מע האָט אריַינגעפירט דעם ארעסטאנט, א באָרוועסן, אין איינע וועש, אין קעלער אריַין און דאָרט איבערגעלאָזט.

אָבער דער ארעסטאנט האָט אזויווי ניט געפילט קיין קעלט גאנצענע שאָענווייַז פלעג ער אָפּשטיין באַ דער וואנט, אומבא־וועגלעך ווי א שטיינערנע סטאטוע. דער דירעקטער פון שפּיטאָל האָט ניט געגלויבט, אז א נאָרמאלער מענטש קאָן אזוי גליַיכגיל־טיק איבערטראָגן קעלט. דער ארעסטאנט איז ווירקלעך משוגע.

דידאָזיקע מיינונג איז באשטעטיקט געוואָרן דורך נייַע אופּ־טועכצן פונעם ארעסטאנט, וואָס קאָנען ניט געמאָלט זיַין באַ א נאָרמאלן מענטשן. דאָס איז געווען נאָכדעם, ווי מע האָט אים אָפּגעהאלטן זיבן טעג אין קעלער און צוריק אריבערגעפירט אין זיַין פריִערדיקער קאמערע.

ערשטנס, האָט ער זיך לאַכלוטן אָפּגעזאָגט פון עסן, און מע האָט אים אָנגעהויבן האָדעווען מיט דער הילף פון א זאָנד. צווייטנס, האָט ער אין מעשעך פון צוויי וואָכן זיך גאָר ניט גע־לייגט שלאָפן. די גאַנצע צייַט איז ער געווען אַף די פיס, ער פלעג נאָר פון צייַט צו צייַט אָנהייבן שפּרינגען און אַרומלויפן איבער דער קאַמערע, ווי א כייַע אין שטייַג. דריטנס, האָט מען אים אייינמאָל אינאָוונט געפונען הענגען קאָם א לעבעדיקן מיט א שלייף אַפן האַלדז. און אין פינף טעג אַרום נאָכדעם, ווי דער אַרעסטירטער איז באַפרייַט געוואָרן פונעם שלייף, האָט ער זיך איבערגעשניטן אַן אָדער מיט א ביינדל, וואָס ער האָט דער־טאַפּט אינעם זופּ.

„יאָ, — האָט דער דירעקטער געטראַכט, — דאָס איז אומגלויב־לעך. דאָס איז ווונדערלעך. שרעקלעך!" און ער האָט ראַכמאָנעס געקראָגן אַף דעם אומגליקלעכן אַרעסטאַנט. ער איז פּלוצים אופגעקאָכט געוואָרן קעגן דעם פּראָקוראָרס כשאַד. ניטאָ קיין ספּיי־קעס. ווייַטערדיקע אויספּרווונגען האָבן ניט קיין זין. דער אַרעס־טאַנט איז מעשוגע. איבעריקנס, אויב דער הער פּראָקוראָר צווייפלט, קען ער אַריבערפירן דעם קראַנקן אין א ספּעציעלער קליניקע און אָפּגעבן אים אונטערן אופזיכט פון באַוווסטע געלערנטע.

דער פּראָקוראָר האָט באַפוילן, מע זאָל אַריבערפירן דעם פאַרברעכער אין דער בוכער קליניקע, און זאָלן אים דאָרט באַ־אָבאַכטן דערפאַרענע פּסיכיאַטערס.

---

זיבן טעג האָט מען דעם קראַנקן אָפּגעהאַלטן אינעם בוכער שפּיטאָל, און דער מעדיציניִשער פּערסאָנאַל האָט קאָנסטאַטירט בא טער־פּעטראָסיאַנצן סימאָנים פון מעשוגאַס, אויסגעדריקט אין אַנעסטעטישער פאָרם, — ד. ה. אין אַזא פאָרם פון גערירט־קייט, ווען דער מענטש פאַרלירט יעדער פילבאַרקייט צו ווייטיק.

די דאָקטוירים האָבן באַשלאָסן אָנצוווענדן דעם לעצטן און שווערסטן אויספּרוּוו.

מע האָט אַרײַנגעפירט קאַמאַ צום עלטסטן דאָקטער אין קאַבינעט אַרײַן, אויסגעטון אים און אוועקגעשטעלט אינמיטן צימער. ער איז געשטאַנען רויִק און גלײַכגילטיק צו אַלץ.

ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער באַמערקט קיינעם ניט. מע האָט אים געהייסן אויסציִען די הענט. ער האָט געפאָלגט, ווי אין שלאָף. דער דאָקטער האָט גענומען אַפּן טיש אַ נאָדל און אַרײַנגעשטאָכן דעם קראַנקן אונטערן נאָגל.

קאַמאַ איז געשטאַנען, ווי פריִער, אומבאַוועגלעך און גלײַכגילטיק, פּונקט ווי די אָפּעראַציע האָט צו אים ניט קיין שײַכעס. דער דאָקטער האָט אַרײַנגעשטאָכן די נאָדל אינעם צווייטן, דריטן, פערטן פינגער. דאָסזעלבע האָט ער דורכגעמאַכט אַפּ דער פוס. דער קראַנקער האָט אַזױוי גאָרניט געזעען און גאָרניט באַמערקט. נאָר פונעם שטערן האָבן אַראָפּגערונען היפּשע טראָפּנס שווייס.

אַ צווייטער דאָקטער האָט געקוקט דעם געפּרוּווטן אין די שוואַרצאַפּלען. די וויסנשאַפט האָט פעסטגעשטעלט, אַז ס׳טרעפן זיך מענטשן, וואָס פאַרמאָגן אַן אומגעהייערע ווילנס־קראַפט און זײַנען פעיִק איבערצוטראָגן אַ ווייטיק און אַפילו ניט אַ קנייטש טון זיך. איז קעדיי פעסטצושטעלן פינקטלעך, צי פילט דער מענטש אַ ווײטיק אָדער ניט, דאַרף מען נאָכקוקן נאָך זײַנע שוואַרצאַפּלען. אויב זיי בלײַבן אינעם נאָרמאַלן צושטאַנד — הייסט עס, אַז דער מענטש פילט גאָרניט. אָבער אויב די שוואַרצאַפּלען פאַרברייטערן זיך — פילט ער, הייסט עס, יאָ אַ ווייטיק, נאָר ער ווײַזט עס ניט אַרויס.

דער דאָקטער האָט פעסטגעשטעלט: וואָס ווײַטער די נאָדל האָט זיך אַרײַנגעשטעקט אונטערן נאָגל, אַלס מער פאַרברייטערן זיך קאַמאָס שוואַרצאַפּלען.

„גאָט מײַנער, — האָט אַ טראַכט געטון דער דאָקטער, אָפּקערנ־דיק דאָס געזיכט. — אויב דערדאָזיקער מענטש איז ווירקלעך אַ נאָרמאַלער און פילט, ווי די נאָדל שטעכט זיך אַרײַן אונטערן נאָגל, איז קען דען דאָס פּאָנעם באַהאַלטן אַזאַ שרעקלעכן ווייטיק?

דער פּרוּוו מיט די נאָדלען האָט זיך פאַרענדיקט. די דאָק־טוירים זײַנען אַרויס ניט ווײַסנדיק. ער פילט אַ ווייטיק צי ניין? דאַמאָלסט האָט מען אַרײַנגעטראָגן אין קאַבינעט אַרײַן אַ ביז רויט אָנגעגליטן אײַזן. דער עלטסטער דאָקטער האָט זיך ווידער אײַנ־געקוקט אין די שוואַרצאַפּלען, און דער צווייטער האָט צוגעטו־ליעט דאָס אײַזן צום הוילן לײַב פון עם אַרעסטאַנט. סע האָט זיך צעטראָגן אַ רייעך פון געסמאַלעטן פלייש. ווידער האָבן די שוואַר־צאַפּלען זיך פאַרברייטערט, נאָר דאָס געזיכט איז געבליבן רויִק.

— לאָזט אָפּ. גענוג, מע דאַרף ניט, — האָט באַפוילן דער עלט־סטער דאָקטער, אָפּגייענדיק פון עם קראַנקן, און האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויפן שטול. — די שוואַרצאַפּלען פאַרברייטערן זיך. אָבער אָט די רויִקייט, אָט דער גלײַכגילט... אומגלויבלעכ! וואָס באַרט אָפּ — די שוואַרצאַפּלען צי דאָס געזיכט? שווינ־זשע גרײַזט די מעדיצין? ערגעץ, אַזאַ פאַל האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן. צי קען דען אַ נאָרמאַלער מענטש איבערטראָגן ווייטיק מיט אַזאַ רויִקן פּאָנעם?

דאָס ערשטע מאָל פאַר זײַן גאַנצער פּיליאָריקער פּראַקטיק האָט דער בוכער הויפּט־דאָקטער גענומען צווייפלען אין דער ריכטיקײַט פון ווײַסנשאַפטלעכע האַנאָכעס. שוואַרצאַפּלען און פּאָנעם. די שוואַרצאַפּלען זאָגן, אַז דעם מענטשן טוט וויי, און דאָס געזיכט, דאָס געזיכט איז פאַרשטיינערט. וואָס־זשע הייסט עס? גרײַזט, הייסט עס, די ווײַסנשאַפט? בײַ אַ נאָרמאַלן מענטשן קען דאָס געזיכט ניט בלײַבן רויִק בײַ אַזאַ שרעקלעכן ווייטיק!

פונעם אינערן־מיניסטעריום האָט מען צו וויסן געגעבן דעם פּראָקוראָר, אַז די רוסישע רעגירונג בעט ארויסגעבן דעם וויכ־טיקן פּאָליטישן פארברעכער קאמאָ, וו פארופט זיך דערביי אָפּ די אויסערגעוויינלעך־שווערע פארברעכנס, וואָס ער איז באַגאנגען אָפּ דער טעריטאָריע פון דער רוסלענדישער אימפּעריע.

דאָס דייטשישע אויסערן־מיניסטעריום האָט באַקאַנט גע־מאכט דעם פּראָקוראָר, אַז עס האָט געגעבן די האסקאָמע אָפּ ארויסצוגעבן דעם אויבנדערמאָנטן טער־פּעטראָסיאַנץ, און דע־ריבער דארף דער דירעקטער געבן צו וויסן זיין ענדגילטיקע מיינונג וועגן דעם פאַרברעכערס געזונט־צושטאַנד.

פונקט דעמזעלבן טאָג האָט דער פּראָקוראָר באַקומען פון קליניקע דעם אָרדנטלעכן באַריכט פון די מעדיצינישע באָאַבאַכ־טונגען. דער באַריכט האָט אזוי אינפאָרמירט:

„טער־פּעטראָסיאַנץ גייט ארום, זינגט לידער. קלאָגט זיך אָפּ קאָפּווייטיק. רעדט איבער: „געשטאָרבן — איז ניט געלעבט". ארויס־געריסן באַ זיך אַליינ א שטיק וואָנצע, וויל שיקן אַ אָנדענק די כאוויירים. וויינט אָפּט, זידלט די בערלינער פּאָליציי אָפּ רו־סיש און אָפּ דייטש. אים פּייניקן, זאָגט ער, די שפּאַנישע אינק־וויזיטערס". נאָך אינ א טאָג ארום האָט דער פּראָקוראָר באַקומען פונעם דירעקטער פון דער קליניקע די פאָלגנדיקע באַקאַנטמאַכונג:

„נאָך א לאַנגדויערנדיקער, קימאַט צוויי־יאָריקער באָאָבאַכ־טונג האָט דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל פונעם טורמע־שפּי־טאָל מאָאַביט, פון דעם הערצבערגער שפּיטאָל און אויך פון דער בוכער קליניקע, פעסטגעשטעלט: 1) טער־פּעטראָסיאַנץ שטעלט מיט זיך פאָר א מענטש מיט דעפעקטיווע אינטעלעקטועלע פעי־קייטן. 2) וועגן בעקיוונדיקער סימוליאַציע קען קיין רייד ניט זיין. 3) טער־פּעטראָסיאַנץ איז אינעם געגעבענעם מאָמענט ניט פעיק צו נעמען קיין אָנטייל אינעם געריכט־פּראָצעס און וועט

דערצו ניט פּעיִק זיַין. 4) טער־פּעטראָסיאַנצ איז אינעם געגע־
בענעם מאָמענט ניט פּעיִק אָפּצוקומען קיין שטראָף און וועט
דערצו ניט פּעיִק זיַין אין דער צוקונפט".

דעם פּראָקוראָר האָט זיך צוגעגעסן די דולעניש מיט דעם
מאָדנעם ארעסטאנט, וואָס די רוסישע רעגירונג פּאָדערט שוין
אזוי לאנג, מע זאָל אים ארויסגעבן. מיילע, טער־פּעטראָסיאנצן
קען מען ארויסגעבן. ער איז אן אונטערטאן פון דער רוסלענ־
דישער אימפּעריע און דערצו נאָך א משוגענער. זאָל די רוסי־
שע רעגירונג זיך טומלען מיט אים. און דאָ אין דיַיטשלאנד גייט
אוועק צופיל געלט אף אויסצוהאלטן פּעטראָסיאנצן. און ביכלאל,
וואָס טויג דער דיַיטשישער מאכט זיך אזוי נעמען צום הארצן
פאר א רוסישן פארברעכער. פאראן געגוג אייגענע.

דער פּראָקוראָר האָט באפוילן איבערגעבן טער־פּעטראָסי־
אנצן אין רעשוס פונעם דיַיטשישן אויסערן־מיניסטעריום, וועלכע
וועט אים איבערפּעקלען צו דער רוסישער גרענעץ.

דעם 21־טן סענטיאבער 1909 יאָר איז קאמאָ, אונטער דער
וואך פון דיַיטשישע פּאָליציאנטן, צוגעשטעלט געוואָרן צו דער
באַ־גרענעצדיקער סטאנציע וועשען־סטרעלקאָוואָ. דאָ האָט מען
אים איבערגעגעבן צו די רוסן.

די דיַיטשישע ראדיקאלע צײַטונגען זיַינען אָנגעפאלן אף דער
דיַיטשישער רעגירונג, לעמיַי זי האָט זיך דערשראָקן פאר די
רוסישע זשאנדארמען און ארויסגעגעבן זיי דעם רוסישן רעוואָ־
ליוציאָנער, נאָכדעם ווי מע האָט אים אין די דיַיטשישע שפּי־
טאָלן דערפירט ביז מעשוגאס. די צײַטונגען האָבן באשולדיקט
די רעגירונג, אז זי האָט ניט קיין פּיצל געפיל פון מענטשנ־
ליבע און הומאנישקיַיט, וויַיל ס'איז זיכער, אז די רוסישע רעגי־
רונג וועט קעפּן טער־פּעטראָסיאנצן. די בערלינער דעמאָקראַ־
טישע קריַיזן זיַינען געווען אופגערודערט און אופגעבראכט.

X

מע האָט צוגעשטעלט קאמאָ קיין טיפליס. מע האָט אים גע־בראכט צו פירן אין מעטעכער שלאָס. אונטער א פארשטארקטן קאָנ־וואָי האָט מען איבערגעגעבן קאמאָ, מיט געשמידטע הענט און פיס, דעם טורמע־שעף אין די הענט אריַין. די טיר פון דער קאמערע איז פארשפארט געוואָרן.

אין דעמזעלבן — טאָג איז קאמאָ, לויטן באפעל פונעם אויבער־קאָמאנדיר פון קאווקאזער מיליטערישן קרײַז, איבערגע־געבן געוואָרן צום קריגס־געריכט, וועלכער האָט אים באדארפט מישפּטן לויט די געזעצן פון קריגס־צײַט, כאָטש אין 1909 יאָר האָט די רוסלענדישע אימפּעריע מיט קיינעם קיין מילכאָמע ניט געהאלטן, און די קריגס־צײַט איז צוגעטראכט געוואָרן ספּע־ציעל צוליב דעם, קעדיי דורכצופירן אן אומגעזעצלעכן מישפּעט.

— ענדלעך זיצט שוין די ווילדע כײַע אינעם מעטעכ־שלאָס, — האָט דער שעף פון זשאנדארמען־פאַ[illegible]ליזונג מיטגעטיילט דעם פּראָקוראָר פונעם קריגס־געריכט.

די זשאנדארמען האָבן טאקע אזוי גערופן קאמאָ — „ווילדע כײַע".

די אויספאָרש־געריכטלעכע מאשין — אזא מין שווערע, אומ־געשיקטע — האָט פלוצים ארויסגעוויזן א וואונדערלעכע ריר־עוו־דיקײַט.

קיין מעטעכ און צוריק זײַנען געפלויגן פּראָטאָקאָלן, טעלע־פאָנאָגראמעס, אזוי לאנג ביז ס׳איז קלאָר געוואָרן נאָך איין אומאָנגענעמער אומשטאנד, וועלכער האָט די ערשטע טעג קיי־נעם ניט אינטערעסירט און קיינעם ניט געארט: דער מענטש, וואָס אים האָט מען באדארפט פארורטיילן צו טויט־שטראָף, איז דאָך מעשוגע. דער געזעץ האָט ניט דערלויבט צו הענגען

מעשוגאָים. איבעריקנס, וואָלט די טיפּליסער מאכט גאנץ גרינג אויוועד געווען אפ דעם געזעץ, ווען סע זאָל זיך ניט געווען אריינמישן נאָך איין אומגעריכטער אומשטאנד.

אין מײַ כוידעש האָט דער נאמעסטניק אפ קאווקאז דער־האלטן פונעם אינערן־מיניסטער דעמדאָזיקן בריוו:

„געערטער הער, גראף איַלאריאָן איוואנאָוויטש!

דאָס אויסערן־מיניסטעריום האָט מיר איבער א בריוו פונעם 27־טן אפרעל ה. י. נומער 42 געגעבן צו וויסן, אז צײַט די לעצטע טעג באהאנדלט די דײַטשישע פרעסע מיט א באזונדער ליידנשאפטלעכקײַט דעם שיקזאל פונעם רוסישן אונטערטאן אר־שאקאָוו (אנדערש — מירסקי אָדער טער־פעטראָסיאנץ), וועלכער איז צוגעצויגן געוואָרן צו פאראנטוואָרטלעכקײַט אין דער שטאָט טיפליס איבערן איניען וועגן דעם רויבערישן אָנפאל אפ א מעלוכישן געלט־טראנספּאָרט אין 1907־טן יאָר. די ראדיקאלע אָרגאנען „פאָרווערטס" און „פראנקפורט־צײַטונג" פאלן אָן אפ דער דײַטשישער פּאָליציי, לעמײַ זי האָט ארויסגעשיקט ארשא־קאָוו־מירסקין קיין רוסלאנד, ווו ער איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די רוסישע מאכט־אָרגאנען. די אָנפאלן פון דער פרעסע אפ דער דײַטשישער רעגירונג וועלן ניט פארמײַדן צו פארשטארקן זיך, אויב מירסקי וועט פארורטיילט ווערן צו טויט־שטראָף. דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט מוירע, אז דערדאָזיקער אומשטאנד קען ניט גינסטיק פאר די רוסישע אינטערעסן ווירקן אין דער פראגע וועגן דעם, אז די דײַטשישע מאכט־אָרגאנען זאָלן ארויס־געבן דער צארישער רעגירונג די רוסישע אנארכיסטן. כ׳באנוץ זיך מיט דער געלעגנהײַט אויסצודריקן אײַער דורכלויכטי־קײַט א פארזיכערונג אין מײַן פולער אכטונג און עמעסער איבערגעגעבנקײַט.

פ. סטאָליפּין".

דער נאמעסטניק אפ קאווקאז גראף וואָראָנצאָוו־דאש־קאָוו האָט געענטפערט סטאָליפינען:

„וואָס אָנבאַלאַנגט די זאָרג פונעם אויסערן־מיניסטער, אַז די אומפאַרמייַדלעכע אָנפאַלן פון דער דייַטשישער פּרעסע אַפּ דער דייַטשישער רעגירונג, אויב מע וועט פאַרורטיילן טער־פּעטראָסיאַנצן צו טויט־שטראָף, קענען אומגינסטיק פאַר די רוסישע אינטערעסן ווירקן אין דער פראַגע וועגן אַרויסשיקן פון דייַטשלאַנד די רוסישע אַנאַרכיסטן, וועט דידאָזיקע אָנגעלעגנהייַט דורך מיר גענומען ווערן אין אַכט, ווען דער אורטייל פונעם קריגס־געריכט וועגן טער־פּעטראָסיאַנצן וועט מיר צוגעשטעלט ווערן אַפּ באַשטעטיקונג“.

אין מעטעך־שלאָס איז קאַמאָ געבליבן דערזעלבער, וואָס אין בערלין. אָט איז ער געווען מאָרעשכוירעדיק און ניט באַרעדעוודיק, אָט האָט ער אָנ אַ שום סיבע געלאַכט, אָט האָט ער איבעראַשט מיט זייַן רויִקייַט און אומבאַוועגלעכקייַט, אָט פלעג ער פּלוצים אָנהייבן בושעווען. פון שפּייַז האָט ער זיך אָפּגעזאָגט און קיינעם ניט באַמערקט. צייַטנווייַז פלעג אַפּ אים אָנקומען אַן אָנפאַל פון מעשוגאַס, ער האָט געשריגן און געזידלט זיך — געזידלט זיך אַפּ דייַטש — ער איז, אַפּאָנעם, זיכער געווען, אַז ער געפינט זיך נאָך אין מאָאַביט.

די מאַכט־אָרגאַנען האָבן קיין קאָפּ ניט געצווייפלט דערין, אַז קאַמאָ איז אַ מעשוגענער.

און דאָך איז דער געריכט פאָרגעקומען.

---

אַז מע האָט אַרייַנגעפירט דעם באַשולדיקטן אין געריכטזאַל, האָט דער פּאָרזיצער אַפּ אים אַ קוק געטון און אָנגעבראָגעזט זיך. וואָס איז דאָס — דער באַשולדיקטער מאַכן כויזעק פונעם געריכט? בַּא קאַמאָ אַפּן אַקסל איז געזעסן אַ פייגעלע.

קאמאַ האָט געוואָרפן אויגן אפן שטשיגליק און, שמייכלענ־דיק צו אים, האָט ער זיך באמיט זיך צוטוליען מיט דער באק צו דעם פויגלס פעדערן. דער שטשיגליק האָט קאם געהאַלטן גלייַך־געוויכט אפן אקסל און פרייַלעך געדרייט מיטן קאָפּ.

— פעטקע, דרייף ניט, — האָט דער באשולדיקטער הויך געזאָגט.

א יונגער קאפיטאן פון גענעראל־שטאב — א מיטגליד פון געריכט — האָט דערזעענדיק דעם שטשיגליק, א שמייכל געטון, נאָר באמערקט דעם גענעראל־פּאָרזיצערס שטרענגע אויגן, איז ער אָפּהענטיק געוואָרן און פארויטלט זיך.

— באשולדיקטער, גייט צו נעענטער, — האָט זיך דער גענע־ראל געווענדעט צו קאמאַ, וואָס האָט אין דער צייַט פריי־לעך פארבראכט מיטן פויגל.

— פעטקע, באווייַז זיי, ווי מיר קענען פליִען, — האָט קאמאָ געזאָגט און א גלעט געטון דעם פויגל איבערן קעפל. דער שטשיג־ליק האָט אים א פּיק געטון אין באק, אופגעפלויגן, אופגעהויבן זיך ביז דער סאמע סטעליע, א גליטש געטון מיט די פליגלען איבער דער שטוקאטורקע, געמאכט א קרייַז איבערן זאל און אוועקגעזעצט זיך אפן קאמאָס אויסגעצויגענער האנט.

— ריכטיק, בראוואָ, פעטקע, מייַן געטרייַער כאַווער, זעצ זיך אָט אהער, — און ער האָט באוויזן אפן אקסל. דער פויגל האָט זיך אוועקגעזעצט צו קאמאַ אפן אקסל און ווידער א פּיק גע־טון אים אין באק אריַין.

— באשולדיקטער, ווו האָט [illegible]יר געקראָגן דעמדאָזיקן פויגל? — האָט דער גענעראל שטו[illegible] געפרעגט, ווי עס פּאסט פאר א פּאָרזיצער פון קריגס־ג[illegible]

— אפן הימל. ער איז [illegible]גן און איך בין געפלויגן. מיר האָבן זיך באגעגנט. איבעריקנס, איז מייַן פייגעלע בעסער פון אייַך אלעמען. ריכטיק, פעטקע?

פּעטקע האָט אים נאָכאַמאָל אַ פּיק געטון אין באַק אַרײַן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט קאַמאָס פֿאַרהער. אַכוץ זינלאָזע פּלוידערײַ האָט זיך דעם געריכט גאָרנישט אײַנגעגעבן אַרויסצוקריגן פֿון דעם באַשולדיקטן. קאַמאָ האָט זיך געשפּילט מיטן פֿויגל, האָט ניט געהערט די פֿראַגעס און ניט באַמערקט די ריכטער.

דער געריכט איז געקומען צום אויספֿיר, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען קען מען ניט פֿירן די געריכט־אויספֿאָרשונג. דער געריכט האָט באַשלאָסן: דעם איניען אָפּלייגן, און דעם באַשולדיקטן אָפּגעבן אונטער אַ דויערדיקן אויפֿזיכט אין אַ פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל.

די דויערדיקײַט וועט דערלויבן דער דײַטשישער פּרעסע צו פֿאַרגעסן וועגן קאַמאָ, און דאַמאָלסט וועט קאַמאָס קעפֿונג זיך שוין ניט אָפּשפּיגלען אַף די „רוסישע אינטערעסן“.

XI

אינעם מיכײַלאָווער שפּיטאָל, וווּהין קאַמאָ איז אַריבערגעפֿירט געוואָרן פֿונעם מעטעך־שלאָס, זײַנען אָנגענומען געוואָרן אַלע מיטלען אַף צו באַזײַטיקן יעדע מעגלעכקײַט פֿון אַנטלויפֿן. מע האָט אַרײַנגעזעצט קאַמאָ אין אַ איזאָליאַטער. פֿון די קייטן האָט מען אים ניט באַפֿרײַט. דער שליסל פֿונעם איזאָליאַטער האָט זיך געפֿונען בײַ אַ ספּעציעל צוגעשטעלטן אויפֿזעער, וואָס אָן זײַן דערלויבעניש האָט קיינער קיין רעכט ניט געהאַט אַרײַנצוגיין און אַרויסצוגיין פֿונעם צימער.

קאַמאָס פֿיס זײַנען אָפּגעריבן געוואָרן ביז בלוט. די אַדמיניסטראַציע פֿונעם שפּיטאָל האָט זיך געווענדעט צום פּראָקוראָר מיט אַ ביטע — אַראָפּנעמען די קייטן. אַף דער הישטאַדלעס האָט זיך באַקומען אַן ענטפֿער: די קייטן וועלן ניט אַראָפּגענומען ווערן

אינעם פּראָטאָקאָל פונעם געריכטלעך־מעדיצינישנ איבער־זיכט, וואָס מ׳האָט דערלאנגט דעמ פּראָקוראָר, איז געווענ באַ־שריבנ א שארפע אָפּשוואכונג פונ דער פילבארקייט פונ דער הויט, א פארשטארקונג פונ די הויט־ אונ מוסקול־רעפלעקסנ, א ציטער אינ דער צונג אונ אינ די הענט. דער ארעסטאנט, האָט קאָנסטאטירט דער פּראָטאָקאָל, פילט ניט קיינ שום ווייטיק.

די באַאָבאכטונג איז פאָרגעזעצט געוואָרנ.

די אָנגעשטעלטע פונ שפּיטאָל האָבנ זיך איבערצייגט, אז קא־מאָ איז א האָפענונגלאָזער גייסטיק־קראנקער.

דעמ 24־טנ דעקאבער 1910 יאָר האָט דער ארעסטאנט, ווי עס האָט זיך געשריבנ אינעמ „קראנקנבאריכט״, א גאנצנ טאָג ארומגעלעטעט איבערנ קאמער, אונטערגעזונגענ, צוגעפּייפט. ער האָט געשטאָפּט פאפּיראָסנ אונ אלע מאָל דערמאנט דעמ שטשיג־ליק, וואָס מע האָט בא אימ אוועקגענומענ באלד נאָכנ געריכט. דער בוך וועגנ מילכאָמע, וואָס דער אָרדינאטער האָט געבראכט לויט דעמ קראנקנס באקאָשע, איז געבליבנ ליגנ ניט געעפנט. דער קראנקער האָט עפּעס גערעדט וועגנ פיר מיליאָנ, וואָס ער האָט אינ די בערג באגראָבנ. נאָר אָנוויַיזנ דאָס אָרט האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. באנאכט פלעג ער ניט אנשלאָפנ ווערנ, געמורמלט, געדרייט זיך פונ איינ זייט אפ דער צווייטער.

אינ צוויי וואָכנ ארומ נאָכדעמ, ווי דאָס אלץ איז פארנאָטירט געוואָרנ, האָט דער דאָקטער אויסגעהערט א מעלדונג פונעמ קראנקנ. מיט א סוידעסדיקנ אָנשטעל האָט יענער אימ מיטגע־טיילט:

— צו מיר אינ קאמער קוקנ עפּעס אריינ יונגע מענטשנ, מע־נער אונ פרויענ. זיי רעגנ מיך אופ... שטערנ די רו... נעמט זיי צו... אויב די דאָקטוירימ וועלנ ניט אָנעמענ קיינ מיטלענ, וועל איך זיך אליינ מיט זיי צערעכענענ...

קיינע ספייקעס האָבן ניט געקענט זײַן: דער קראנקער האָט גערעדט ניט צו דער זאַך.

אין דעם טאָג איז די שטימונג בײַ אים געווען אָט א פריי־לעכע, אָט א דערשלאָגענע. קאמאָ איז פארבליבן גלײַכגילטיק צום עסן, צו די ביכער, צום טאבאק. פארנאכט האָט ער אָנגע־הויבן זינגען לידער. א גאנצע נאכט איז ער ניט געשלאָפן, קלינ־גענדיק מיט די קייטן אין טאקט צום געזאנג.

אזוי איז געגאנגען קאמאָס לעבן אין מיכײַלאָווער שפּיטאָל. ער פלעג אמאָל אויסקלעפּן פון ווייך ברויט עלפאנטן, פערדלעך, הינטעלעך, שטשיגליקעס, צײַטנווײַז פלעג ער זײַן פריילעך און באריידעוודיק. ער פלעג זאָגן די דאָקטוירים, אז ער קלײַבט זיך אוועקפאָרן דורך סיביר קיין אמעריקע, און איינמאָל אינדערפרי האָט ער געמאָלדן, אז ער הערט דײַטלעך עמעצנס א שטים... א פרויען־שטים, וואָס דערמאנט אים באַם נאָמען, רופט אים.

---

פיר יאָר איז דורך פון יענעם טאָג, ווען קאָטע, קאמאָס אַל־טער קאמפּס־כאווער, א מיטגליד פון פארטיי־קאָמיטעט, האָט זיך צעשיידט מיט קאמאָ.

פיר יאָר... דאָס איז אזוי גרויס, ווי פיר יאָרהונדערטער. און אָט איצטער, אין עטלעכע מינוט ארום, דארפן זיי זיך באגעגע־נען נאָך א לאנגן שווערן אָפּשייד. פאר דערדאָזיקער צײַט זײַ־נען קאָטעס שווארצע האָר שוין גרוי געוואָרן.

שטייענדיק אפן ברעג פון דער קורא, האָט ער ניט אראָפּגע־לאָזט קיין אויג פונעם לעצטן פענצטער אפן אייבערשטן שטאָק פונעם שפּיטאָל.

דאָרט הינטער דער גראטע האָט דורכגעשווינדלט א מענטש „ער צי ניט?" קאָטע האָט געגלויבט אין קאמאָ מער, ווי אין ווע־מען עס איז אפּ דער וועלט.

דער פּאַליציִאַנט האָט אוועקגעשפּאַנט פון יענער זײַט ראָג. צי זעט קאַמאַ פונעם קלאָזעט־פענצטער דעם פּאָליציִאַנט? צי וועט ער באַווײַזן זיך אַראָפּלאָזן?

קאַמאָ האָט אָנגעהויבן ברעכן די גראַטע. באַהאַלטן זיך הינ־טער די קושטשעס, האָט קאָטע געגומען אַכטונג געבן. „גיכער, שויין... גיכער, קאָלזמאַנ דער פּאַליציִאַנט איז נאָך ניטאָ. וואָס פּאַרעט ער זיך דאָרט אַזוי לאַנג"... דורכגעגאַנגען אַ רעגע — אַ לאַנגע, אַ פּײַנלעכע. נאָר אָט איז די גראַטע אָפּגעשפּרונגען. קאַמאָ האָט אַרויסגעקוקט פונעם פענצטער. קאָטע האָט געמאַכט אַן אומגעדולדיקן צייכן מיט דער האַנט. קאַמאָ האָט צוגעבונדן אַ שטריק צו די צייַן פון דער אָפּגעזעגטער גראַטע. אין דעם מאָמענט האָט קאָטע נאָכאַמאָל געמאַכט אַ צייכן. קאַמאָ איז־פּאַר־שווונדן געוואָרן. אַפּן ראָג האָט זיך צוריק באַוויזן דער פּאָלי־ציִאַנט. פאַרלייגט די הענט אַפּ הינטן, בליצלענדיק מיט די אויגן אַפּ דער זון, האָט ער לאַנגזאַם דורכגעשוועבט אונטערן פענצ־טער, אַ מינוט איז ער אָפּגעשטאַנען, דערנאָך שווער זיך אָפּגע־קערעוועט און אוועקגעשוועבט אַפּצוריק. אָט האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט, אָנגעבויגן זיך, קוקנדיק אַפּ די שטיוול, עפּעס אַ טאַפּ געטאָן אַפּ דער כאָליעווע, ווידער פאַרלייגט די הענט אַפּ הינטן און אוועקגעשוועבט ווײַטער. אין פענצטער האָט ווידער דורכ־געשווינדלט קאַמאָס קאָפּ.

קאָטע האַט אַ פּאָכע געטון מיט אַ ווײַס טיכעלע — ניטאָ קיין סאַקאָנע. פונעם פענצטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איין עק פון דער שטריק. אַ פּרייד האָט אַרומגענומען קאָטע. אין אַ מינוט אַרום וועט קאַמאָ זײַן אַפּדערפרײַ — נאָך פיר יאָר וואָגלעניש איבער די דײַטשישע טורמעס, איבער די טורמעס פון טיפליס!

קאַמאָ האָט אין דער סעקונדע זיך אַראָפּגעלאָזט אַפּ דער שטריק אַראָפּצו אַלץ נידעריקער און נידעריקער. נאָר איין סע־

קונדע האָט קאָטע געזעענ קאמאָ, ווענ יענער איז פלינק ווי א קאַץ ארויסגעקראָכנ פונ פענצטער, זיכ אָנגעכאפּט אָנ דער שטריק אונ זיכ אָנגעהויבנ אראָפּלאָזנ...

קאָטע האָט פארמאכט די אויגנ, אונ אז ער האָט זיי געעפנט, איז קאמאָ שוינ אפ דער שטריק ניט געווענ. די שטריק האָט זיכ איינזאמ געטעלעפּעט בא דער וואנט. ווו איז קאמאָ? וואָס האָט זיכ מיט אימ געטראָפנ? פארוואָס פארהאלט ער זיכ דאָרט אזוי לאנג בא דער וואנט? נאָכ איינ מינוט — אונ דער פּאָליציאנט וועט זיכ אומקערנ, וועט באמערקנ...

מיט פיינלעכנ אומגעדולד האָט קאָטע זיכ ארומגעקוקט אונ דערזעענ: קאמאָ ליגט אפ דער ערד בא דעמ אונטערשטנ עק פונ דער שטריק אונ מאטערט זיכ אופצושטיינ.

באלד וועט זיכ באווייזנ דער פּאָליציאנט... דער פּאָליציאנט וועט אימ געווויס באמערקנ. וואָס איז געשעענ? די נאָענטקייט פונ דער ערד, די נאָענקייט פונ דער פרייהייט האָט געצווונגענ קאמאָ צו פארגעסנ וועגנ געפאר אונ פאָרזיכט,— פונ דער הייכ פונ צוויי קלאפטער איז ער אראָפּגעשפרונגענ. ער האָט שטארק אָפּגעקלאפּט דעמ פוס, אונ ער קענ זיכ איצט ניט אופהייבנ. „וואָס האָסטו אָנגעמאכט? ניט אייַנגעהאלטנ זיכ... ווי א יונג"...— האָט קאָטע א טראכט געטונ אונ געמאכט א באוועגונג א וואָרפ טונ זיכ צו הילפ דעמ כאווער, נאָר אינ דערזעלבער רעגע האָט קאמאָ זיכ אליינ אופגעהויבנ אונ אוועקגעלאָפנ צו די קושטשעס. אונ ווי נאָר ער איז אריינ אינ די קושטשעס, איז פונ יענער זייט ראַג ארויסגעגאנגענ, בלינצלענדיק פויל מיט די אויגנ אונ פארלייגט די הענט אפ הינטנ, דער פּאָליציאנט. ער האָט דערזעענ די שטריק, איז צוגעלאָפנ צו איר, א טאפּ געטונ, א קוק געטונ צומ פענצטער אונ געגעבנ א פלעסקע מיט די הענט. ער האָט זיכ גע־לאָזט לויפנ צומ ...פיטאָל־טויער, פייפנדיק מעשוגענערווייַז.

— פײַפּ, פײַפּ, אידיאָט,— האָט געמורמלט קאָטע, זיך דורכ־שלאָגנדיק א וועג אין די קושטשעס נאָך קאמאָ.

דאָס איז פאָרגעקומען דעם 11־טן אווגוסט 1911 יאָר. דעם 15־טן אווגוסט 1911 יאָר איז אינעם קראנקנבאריכט פונעם ארעסטאנט פארשריבן געוואָרן: „פאר װארעמעס האָט דער דינער, װי געװײנלעך, ארויסגעלאָזט טער־פּעטראָסיאנצן אין קלאָזעט און האָט זיך אומגעקערט צו א צווייטן אומרויִקן קראנקן. דער ארעסטאנט האָט זיך לאנג ניט אומגעקערט. דעמאָלט האָט מען אופגעבראָכן אין קלאָזעט די טיר. דאָרטן איז קיינער ניט געווען. טער־פּעטראָסיאנץ איז אנטלאָפן דורכן פענצטער, אין װעלכן ס'איז אויסגעזעגט געוואָרן די גראטע. ס'איז פעסטגע־שטעלט געוואָרן, אז טער־פּעטראָסיאנץ פלעג סיסטעמאטיש אונ־טערזעגן די גראטע אין קלאָזעט. פאר א אינסטרומענט, דארף מען רעכענען, האָט אים געדינט א זעגעלע, וואָס איז אים אי־בערגעגעבן געוואָרן פונדערפרײַ".

אין דעמזעלבן טאָג איז טיפליס ארומגערינגלט געוואָרן פון אלע זײַטן. מע האָט ארויסגערופן אויסשפּיר־הינט. נאָר די הינט האָבן ניט געפונען קיין שפּור פון דעם אנטלאָפענעם. זיי האָבן געהאווקעט, ניט וויסנדיק וווהין צו גיין, און שולדיק געקוקט אף די באלעבאטים, ווי באקלאָגנדיק זיך אף זייער אייגענער מאכטלאָזיקײַט. דעמאָלט האָט מען ארויסגעשטעלט אף די גאסן, בריקן, אפן וואָקזאל און אף אלע דרײַ שאָסייען, וואָס פירן ארויס פון טיפליס,— אומעטום האָט מען ארויסגעשטעלט פארשטארק־טע פּאָליצײַ־פּאטרולן. יעדערן פון די פּאָליציִאנטן האָט מען גע־וויזן פאָטאָגראפיע־קארטלעך פונעם אנטלאָפענעם. אָבער די אלע מיטלען האָבן קיינע רעזולטאטן ניט געגעבן.

און ערשט אין א יאָר ארום איז ווידער דערמאנט געוואָרן קאמאָס נאָמען אין דער זשאנדארמען־פארוואלטונג.

אפּן קאָדזשאָרער שאָסיי איז פּאָרגעקומען א געשעעניש, וואָס האָט אופגערודערט די גאנצע שטאָט: עקספּראָפּריאַטערס זיינען אָנגעפאלן אפּ א פּאָטשט־טראַנספּאָרט, וואָס האָט געפירט קיין טיפליס א גרויסע פּארטיע געלט. די עקספּראָפּריאַטערס האָבן געוואָרפן אינעם טראַנספּאָרט אריין באָמבעס. דער פורמאן און דריי סטראזשניקעס זיינען דערהארגעט געוואָרן. איין פּארוואונדעטער סטראזשניק האָט געגומען באשיסן די אָנפאלער. די עקספּראָפּריאַטערס זיינען פּארוואונדעט געוואָרן, נאָר דאָס געלט האָבן זיי ניט באוויזן אוועקצוטראָגן. די פּאָליציי האָט אָנגעגומען מיטלען אפּ אופצודעקן דעם פּארברעכן, אָבער אָן דערפּאָלג. ס׳האָט זיך נאָר איינגעגעבן פעסטצושטעלן פּינקטלעכע סימאָנים פון די אָנפאלער. צווישן די עקספּראָפּריאַטערס איז געווען קאמאָ.

דעם 5־טן יאנוואר 1913 יאָר האָט די אויסשפּיר־פּאָליציי געקראָגן ידיעס, אז די רעוואָליוציאָנערע קאמפּס־גרופּע גרייט אן אָנפאל אפּ דער פּאָטשט־און טעלעגראַפּ־קאָנטאָר. די פּאָליציי האָט באשלאָסן אָן א שום טערעץ פּאראליזירן דעם אָנפאל און כאפּן קאמאָ.

דעם 10 יאנוואר האָבן די פּאָליציי־אגענטן פּארהאלטן לעבן האָטעל „צאָפּנדיקע באָמערן” צוויי פּארדעכטיקע פּארשוינען.

אז מע האָט זיי געבראַכט צו פירן אין צירקל אריין, האָט איינער זיך אָנגערופן פּאר א בולגארישן אונטערטאן ניקאָליי טרייטשעוו, און דער צווייטער — פּאר אן אדעליקן פון קוטאיסער גובערניע מיכאיל זשגענטי.

אָבער ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דאָ אפּן אָרט, אז: דער ערשטער איז ניט קיינער נאָר קאמאָ, און דער צווייטער — גריגאָרי מאטיאשווילי, א מיטגליד פון דער רעוואָליוציאָנערער קאמפּס־גרופּע.

מע האָט זיי פּארשפּארט אין מעטעכער שלאָס.

לויטן באפעל פונעם פראָקוראָר פון טיפליסער קרײַז־קריגס־
געריכט האָט מען געשיקט קאַמאָ אַף אַ מעדיציניש אונטערזוך.
דער מעדיציניש אונטערזוך האָט באַוויזן: קאַמאָ איז הײַנט
צו טאָג פולשטענדיק געזונט. די עקספּערטיזע האָט נאָך עפּעס פעסט־
געשטעלט: אַז קאַמאָס פריאָריקער מעשוגאַס איז געווען ניט
מער ווי אַ סימולאַציע.

XII

„קאַמאָ... קאַמאָ, — האָט דער פּראָקוראָר געטראַכט, אַרומשפּאַ־
נענדיק אינעם פינצטערן מעטעכער קאָרידאָר, — אָט ווען איך
וועל אים סאָפקאָלסאָפּ דערזען. אינטערעסאַנט... ס'איז שוין צען
יאָר אַריבער, זינט ער האָט מיך צום נאַר געמאַכט אַפן טיפלי־
סער וואָקזאַל".

דאָס איז געווען דערזעלבער פּראָקוראָר, וועלכער האָט אין
1904 יאָר, נאָך דער אומגעלונגענער נעסיע קיין באַטום, זיך
אומגעקערט צוריק קיין טיפליס אין איין קופּע מיטן פירשט
דעוודאַריאַני. שפּעטער האָט דער פּראָקוראָר אויסגעקלאָרט, אַז
אין דער נאַכט איז מיט אים אין איין קופּע געפאָרן דערזעל־
בער פאַרשוין, וואָס איז ערעוו זײַן קומען אַנטלאָפן פון דער
באַטומער טורמע.

„אינטערעסאַנט, אינטערעסאַנט אַ קוק טון איצטער אַף אים, —
האָט דער פּראָקוראָר געטראַכט. — יאָ, פאַראַן מענטשן אַף דער
וועלט"...

דער אינספּעקטער פון טורמע האָט אופגעעפנט די קאַמער.
די אײַזערנע טיר האָט אַ סקריפּע געטון און לאַנגזאַם זיך געעפנט,
ווי עס עפנען זיך טירן בא פײַער־קאַסעס. דער פּראָקוראָר איז
אַרײַנגעגאַנגען אינעווייניק. אַ גלאַט־אָפּגעראַזירטער פּאָנעם,
פריש און געזונט, ווי עס קען נאָר זײַן בא אַ מענטשן, אַ פולקאָם
צופרידענעם מיט זײַן לעבן, האָט אַ שמייכל געטון צום פּראָקוראָר.

— גוטמאָרגן, הער פּראָקוראָר, שוין לאַנג ניט געזען זיך מיט אײַך...

— יאָ, — האָט דער פּראָקוראָר צוריק אָפּגעשמייכלט, — צען יאָר.

— איר געדענקט, איך האָב אײַך געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען מיט אײַך? ווי איר זעט, האָב איך מײַן צוזאָג אויסגעפּילט.

— יאָ... אָבער בײַ אײַך איז אַן אויסזען, ווי איר וואָלט זיך געקליבן אויף אַ באַל?

— וואָס ווילט איר, אַ געוווינהייט.

דער פּראָקוראָר האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן באַנק און אַ קוק געטון קאַמאָ אין פּנים אַרײַן. „וואָס פרייט ער זיך דאָס אַזוי שטאַרק? אויפן טויט?"...

— ווען איך זאָל בײַ זיך פּאָלגן, הער פּראָקוראָר, — וואָלט אויף מײַן קייווער שוין געוואַקסן אויסגעוואַקסן גראָז אויף צען אַרשין די הייך. און איך, ווי איר זעט, האָב נאָך אַ מעגלעכקייט נאָך־צוקוקן נאָך מײַן טואַלעט.

— הערט, ווונדערלעכער מענטש וואָס איר זײַט, — האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט. — וואָס צווינגט אײַך צו טון אָט דאָס אַלץ — שלײַדערן באָמבעס און ביכלאַך — דער רועך ווייסט וואָס?

— אַנטשולדיקט, הער פּראָקוראָר, אָבער איך פרעג דאָך אײַך ניט, וואָס צווינגט אײַך צו פאָדערן טויט־שטראָף פאַר מענטשן?

— הם... איר זײַט — אַ טשודאַק.

— אַזאַ בין איך געבוירן געוואָרן, כ'קען גאָר ניט העלפן דערצו.

— איר ווייסט, וואָס אײַך קומט?

— נאָך אַמינ.

— און ס'טוט אײַך ניט באַנג אויף אײַערע פאַרברעכנס?

— קיין איין מינוט ניט. איינמאָל האָט מיר יאָ באַנק געטון... קימאַט. דאָס איז געווען אויף נאָבאַלאָווקע, בעשאַסן אופשטאַנד,

ווען די קאָזאקן האָבן מיך געפּירט און איינער האָט פאַרגעלייגט, מע זאָל מיר אָפּהאקן די נאָז. דאַמאָלסט האָב איך געוויינט, אָבער געוויינט ניט דערפאַר, וואָס די נאָז האָט מיר באַנק געטון, נאָר דערפאַר, וואָס אָן אַ נאָז וואָלט איך אַפּ אייביק פאַרשטעמפּלט געוואָרן מיט אַ צייכן, וואָס וואָלט געמאַכט פאַר אומעגלעך מײַן ווײַטערדיקע אַרבעט.

— איר זײַט אַ שרעקלעכער מענטש, — האָט געזאָגט דער פּראָקוראָר.

— וואָס ווילט איר, — האָט קאַמאָ אַ זיפץ געטון, — דאָס איז מײַן שוואַכקײַט.

דער איניען איז געהערט געוואָרן באַ פאַרמאַכטע טירן. אײַנעם געריכט־באַשטאַנד זײַנען געווען: דער געריכט־פּאָרזיצער — אַן אַלטער גענעראַל, געריכט־מיטגלידער — צוויי פּאָדפּאָלקאָווניקעס, אַ פּראָקוראָר, אַ פאַרטיידיקער און אַ סעקרעטאַר.

אַרומגערינגלט מיט זעלנער, די שווערדן אַנטבלויזט, איז קאַמאָ, הענט און פיס אין קייטן געשמידט, אַרײַן אין זאַל אַרײַן. אַ קוק געטון דעם פּראָקוראָר אין דעם אָנגעברויגעזטן פּאָנעם אַרײַן, האָט דער באַשולדיקטער אים פרײַנטלעך זיך פאַרנויגט. דער פּראָקוראָר האָט פינצטער זיך אָפּגעקערעוועט.

דער פאַרהער איז געווען קורץ און קלאָר, און פּונקט אַזוי קורץ און קלאָר איז געווען די רעדע פונעם פּראָקוראָר.

אין דער צײַט, ווען דער פּראָקוראָר האָט גערעדט, האָט דער באַשולדיקטער זיך, אַפּאָנעם, גאָרניט צוגעהערט צו דער רעדע, ער האָט אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל, אָפּגעווישט דעם פּאָנעם. ער האָט אַ קוק געטון אַפּ די קייטן, פּונקט ווי ער וואָלט זיי ערשט באַמערקט, און האָט אָנגעהויבן אויסקלינגען מיט זיי עפּעס אַ מאָטיוו. דער געריכט־פּאָרזיצער האָט אים געמאַכט אַ באַמערקונג, קאַמאָ האָט אַ צוק געטון מיט די אַקסלען און געלאָזט צורו די קייטן.

קאמאָס פּאַרטיידיקער האָט פאַרשטאַנען, אַז די פּאַקטן זיי־נען שטאַרקער פון זײַנע אַרגומענטן, ער האָט געבעטן בּאַם גע־ריכט נאָר איינס — „גענאָד און דערבּאַרעמדיקייט".

דעם בּאַשולדיקטן האָט מען געגעבּן דאָס לעצטע וואָרט. זײַן רעדע האָט ניט לאַנג געדויערט. ער האָט געזאָגט:

— איך האָבּ אָפּ גאָרנישט כּאַראַטע. דער בּאַשולדיקונג־אַקט אינקרימינירט מיר פינקטלעך די טאַטן, וואָס איך בּין בּאַגאַנ־גען. איך בּאַשטעטיק זיי פולקאָם. פון אײַך דערוואַרט איך ניט ניט קיין שוינונג, ניט קיין ווייכהאַרציקייט. מיך וועט מען אופּ־הענגען. הײַנט זײַט איר די בּאַלעבּאַטים פון דער לאַגע. אָבּער מאָרגן — מיר. און דאַמאָלסט וועלן מיר שוין קלאָר מאַכן און פאַרפּינקטלעכן — ווער זײַנען די פאַרבּרעכער — איר אָדער מיר. דאָס איינציקע, וואָס עס קימערט מיך און רופּט בּאַ מיר אַרויס אַ געפיל פון שולדיקייט, דאָס זײַנען דער פּורמאַן און די סטראַ־זשניקעס, וואָס זײַנען אומשולדיק אומגעקומען דורך אונדז אָפּן קאָדזשאָרער שאָסיי. מיר טוט וויי, אַז איך דערמאַן זיך וועגן דידאָזיקע קאָרבּאָנעס, וואָס מיר האָבּן געמוזט בּרענגען פאַר דער בּאַפרײַונג פונעם פאָלק. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען זאָגן.

דער געריכט איז אוועק זיך בּאַראַטן און גיך צוריק געקו־מען. דער געריכט־אורטייל האָט אָנערקענט קאַמאָ פאַר שולדיק דערין, וואָס ער האָט זיך בּאַטייליקט אינעם בּאַוואָפנטן אופּ־שטאַנד אין 1905 יאָר. כּוצדעם האָט מען אים פאַרעכנט פאַר אַ שולד די עקספּראָפּריאַציע אָפּן עריוואַנער פּלאַץ, דאָס אַנט־לויפן פונעם מיכײַלאָווער שפּיטאָל און דעם רויבּערישן אָנפאַל אָפּ דעם מעלוכישן געלט־טראַנספּאָרט אָפּן קאָדזשאָרער שאָסיי. פאַר יעדערן פון די אויסגערעכנטע טאַטן איז לויטן געזעץ גע־קומען טויט־שטראָף. דער אורטייל האָט בּאַדאַרפט אויסגעפילט ווערן ניט שפּעטער, ווי אין אַ כוידעש אַרום.

מע האָט קאמאָ ווידער אריבערגעפּעקלט אין מעטעבער שלאָס און אריינגעזעצט אין דער קאמער פון פארמישפּעטע צום טויט.

דער שעף פון מעטעבער שלאָס איז געווען איבערראשט. קיין איין פארמישפּעטער צום טויט האָט זיך קיינמאָל ניט אופגעפירט אזוי, ווי עס פירט זיך אוף דערדאָזיקער מענטש.

קאמאָ איז אויסגעצייכנט געשלאָפן. אזוי שלאָפן נאָר מענטשן, וועלכע האָבן מיט דערפאָלג זיך אייַנגעפּאָרעט מיט א וויכטיקער און גרויסער ארבעט, מענטשן גליקלעכע, רויִקע, זאָרגלאָזע. אופגעשטאנענע אינדערפרי, האָט ער געמאכט גימנאסטיק. דערנאָך פלעג ער אָנשטאָפּן פּאפּיראָסן, לייענען ביכער, וויצלען זיך, לאכן און ער האָט אפילע אָנגעהויבן ווערן דיקלעך. ער האָט באקומען א געזונטן און פרישן פּאָנעם. ער האָט זאָרגזאם נאָכגעקוקט נאָך זייַן טואלעט.

אינעם גאנצן שלאָס איז ניט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל זייַן פרייַלעכער און לעבנסלוסטיקער פון קאמאָ. „א מאָדנע זאך,— האָט געטראכט דער אינספּעקטער,— א נאָרמאלער מענטש דארף זיך פּייַניקן, טפילע טון... און דער לאכט גאָר און זינגט לידער... זע נאָר, צי גייט ער ניט אראָפּ פון זינען, דערדאָזיקער קאמאָ, און איצטער שויִן טאקע אפּדערעמעסן?"

נאָר דער דאָקטער האָט ניט געפונען בא קאמאָ קיינע סימאָנים פון פּסיכישער אומנאָרמאלקייט.

און אז דער אינספּעקטער האָט דערציילט וועגן קאמאָ דעם פּראָקוראָר, וואָס איז נאָכאמאָל געקומען אין שלאָס זיך זען מיטן פארמישפּעטן, האָט דער פּראָקוראָר גאָרנישט געזאָגט, ער האָט זיך ניט פארוואונדערט. עפּעס אנדערש האָט ער פון קאמאָ ניט דערוואַרט.

דער-פּראָקוראָר איז זיך דורכגעגאנגען איבערן קאָרידאָר און אָפּגעשטעלט זיך בא דער טיר פון דער קאמער. דער אופזעער

האָט א קלונג געטוּן מיט די שליסלען און געעפנט די סקריי־
פּענדיקע טיר.

קאמאָ איז געזעסן באַם טיש, פאַרטיפט אין א צײַטונג.
דערהערט הינטער זיך טריט, האָט ער זיך אומגעקוקט.

— כ'בּין צופרידן אײַך צו זען, הער פּראָקוראָר.

— עפשער האָט איר, ארעסטירטער, וועלכע ס'איז פּרעטענ־
זיעס אָדער בּיטעס? — האָט געפרעגט דער פּראָקוראָר.

— ניין, דאָ איז אויסגעצייכנט. ערשט איצטער, דאָס ערשטע
מאָל פאַר מײַן גאנצן לעבּן, האָבּ איך פארשטאַנען, ווי דאָ איז
שטיל און בּאקוועם. אלץ, וואָס ס'איז נייטיק פאַר א פאַרורטיילטן
צו טויט־שטראָף, איז דאָ פאַראַן. די מענטשן זײַנען דאָ העפ־
לעכע, איידעלע, שטענדיק גרייט צו דינען. זיי מאָרען ניט מיט
קיין הונגער, פארקערט, זיי האָבּן שטענדיק מוירע, אז די ארעס־
טירטע זאָלן ניט בּלײַבּן הונגעריק. איך פּערזענלעך קלײַבּ זיך
ניט הונגערן, הער פּראָקוראָר, ווײַל ערשט איצטער האָבּ איך
פארשטאַנען די גאנצע מעכטיקייט פון עסן...

— עפשער האָט איר צו דערלאַנגען וועלכע ס'איז מעלדונ־
גען?... נו, אשטייגער, וועגן א צוואָע, בּריוו...

— איך האָבּ איין מעלדונג, — האָט קאמאָ פּלוצים אַנטשלאָסן
געזאָגט. — זאָל די רוסישע רעגירונג נאָך מײַן קעפּונג אָפּשאַפן
טויט־שטראָף.

דער פּראָקוראָר האָט אים פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— ניין, ניין, — האָט קאמאָ פאַרגעזעצט און צעלאַכט זיך, — איך
שפּאַס, פאַרשטייט זיך. — ער האָט אָפּגעשוויגן און צוגעגעבּן: —
אויף מײַן וואָרט, פּראָקוראָר, איך האָבּ ניט קיינע מעלדונגען.

דער פּראָקוראָר האָט אָנגעהויבּן ארומשפּאַנען איבּער דער
קאַמער. ער האָט געקוקט א פאַרטראַכטער צום דיל. קאמאָ האָט
געפרעגט:

— איר זײַט געקומען מיר אָנזאָגן, אז הײַנט ווער איך אוועקגעשיקט אין אָנטערמיניקן אורלויב?

— ניין, גאָרנישט דאָס, — האָט דער פּראָקוראָר מיד געענט־פערט.

— המ... וואָס־זשע דען?

— זעט איר, — האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט, — בײַ מיר איז ערשט אופגעקומען א נוצלעכער געדאנק פאר אײַך. ס'דערנעענ־טערט זיך דער דרײַהונדערט־יאָריקער יובילײ פון דער קעניג־לעכער דינאסטיע... אין צוויי וואָכן ארום... מיר האָבן שוין דערהאלטן דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן אמניסטיע. פארשטייט איר מיך, איך גלויב ניט, אז איר קענט זיך שוין ניט אויסבע־סערן. ווען מע זאָל צו אײַך אָנווענדן די אמניסטיע, בּאַ־קומט איר צוואנציק יאָר קאטאָרגע. איר וועט אָפּקומען די שטראָף ערגעץ אין א קאטאָרזשנער טורמע, און דערנאָך... ווער ווייסט, עפּשער וועט איר בּאגרײַפן די גאנצע רייץ פון פרידלעכן לעבן און איר וועט אָנהייבן אלץ פונדאָסנײַ.

קאמאָ האָט אויסגעשטעלט א פּאָר אויגן אפן פּראָקוראָר. דער שמייכל איז פארשווונדן געוואָרן פון זײַן געזיכט. ער איז לאנג־זאם אָפּגעגאנגען צום טיש, שווער אראָפּגעלאָזט זיך אפן טאבורעט און אראָפּגעקוקט צום דיל.

— דערוף האָב איך זיך ניט געריכט... ניט געריכט... — האָט ער פארשטיקט געמורמלט.

דער פּראָקוראָר האָט נאָכאמאָל א קוק געטון אף אים און שווײַגנדיק ארויס פון קאמער.

---

דער כוידעשלעכער טערמין, וואָס דער געזעץ האָט אײַנגע־שטעלט אף צוצושטעלן דעם טויט־אורטייל אף באשטעטיקונג

פונעם אויבער־קאמאנדיר פון קאווקאזער מיליטערישן קרייז, האָט געהאַלטן בײַ אויסגיין. אָבער דער אורטייל איז נאָך אַלץ געלעגן אָן באוועגונג בײַם פּראָקוראָר אין פּאָרטפעל. דער פּראָ־קוראָר האָט געצויגן מיטן אויספּילן דעם אורטייל. פאַר אַזאַ מין ציִעניש האָבן אים געדראָט אַמטלעכע אומאַנגענעמלעכקייטן. און פונדעסטוועגן האָט ער פאַרט געצויגן מיט אָפּשיקן דעם אורטייל.

דער פּראָקוראָר האָט ניט געוואָלט אופהענגען קאמאָ. די גע־וואַגטקייט פון דעמדאָזיקן מענטשן, זײַן פאַראַכטונג צום טויט, זײַן רויִקייט האָבן איבעראַשט דעם פּראָקוראָר. קאמאָ איז אים געפעלן געוואָרן.

פיל מאָל פלעג ער איבערלייענען דעם אורטייל, פיל מאָל האָט ער געוואָלט אָפּשיקן דעם אורטייל אַף באַשטעטיקן און ניט געקאָנט. אין איין האַלב כּ ידעש אַרום — איז די אַמניסטיע...

---

אין העסקעם מיט דער אַמניסטיע פון 1913 יאָר איז קאמאָס טויט־אורטייל פאַרביטן געוואָרן אַף 20 יאָר קאַטאָרזשנע אַרבעט. מע האָט אים אַריבערגעפירט אין דער כאַרקאָווער קאַטאָרזשנער טורמע.

שפּעטער האָט מען אויסגעפאָרשט דעם איניען וועגן דעם, וואָס דער אורטייל איז ניט אויסגעפילט געוואָרן צו דער צײַט.

די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער פּראָקו־ראָר האָט באַוווסטזיניק געבראָכן דעם געזעץ. דערפאַר האָט מען אים געגעבן אַ נידעריקערן טשין און אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער קרייז.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער קאָמפּליצירטער איניען וועגן דעם געבוירענעם אין שטאָט גאָרי, טיפליסער גובערניע, סע־מיאָן אַרשאַקאָוויטש טער־פּעטראָסיאַנץ.

אין 1917־טן יאָר אין מארט כוידעש זײַנען איינמאָל גאנצ־
פרי אראָפּגענומענע געוואָרן די שלעסער פון דער 17־טער קא־
מערע אין דער כארקאָווער קאַטאָרזשנער טורמע, די טיר האָט
לאנגזאם און שווער אופגעפּראלט. פון דער האלבפינצטערער קא־
מער איז ארויסגעגאנגען אן אויסגעמאָגערטער מענטש, א באוואָק־
סענער מיט גרויע האָר, ער האָט זיך קוים געהאלטן אפ די
פיס. די טורמע־אָנגעשטעלטע האָבן אים ארומגערינגלט און מיט
דערכערעץ געמאָלדן, אז אין רוסלאנד איז פאָרגעקומען א רע־
וואָליוציע. די זעלבסטהערשונג איז אראָפּגעשטירצט און דער
ארעסטירטער איז פון היינט אָן פריי. דאָס איז געווען קאמאָ.
דעמזעלבן טאָג איז קאמאָ, בײַקומענדיק זײַן אָפּגעשוואכט־
קײַט און קראנקײַט, אוועקגעפאָרן קיין פעטראָגראד. ווען ער
האָט זיך באגעגנט מיט זײַנע אלטע קאמפס־כאווירים, האָבן יענע
פארשטאנען, אז קאמאָ וועט נאָך א לאנגע צײַט ניט זײַן אימ־
שטאנד צו פארנעמען זײַן אָרט אין די רייען פון די קעמפער
פאר דער רעוואָליוציע. זײַן קראנקײַט האָט געפאָדערט א לאנג־
דויערדיקע היילונג. די פארטיי האָט געשיקט קאמאָ אפ דאָרטעם
אפ קוראָרט. אין 1918־טן יאָר איז ער פונדאָרטן צוריקגעקו־
מען געזונט און שטארק.

אין 1919־טן יאָר, אין צײַט פון קאמפ מיט דעניקינען, איז
קאמאָ, האָבנדיק א געהיימען אופטראָג פון דער פארטיי, ארי־
בערגעפאָרן אפ א שיפל דעם שטורעמדיקן קאספּישן יאם, ארי־
בערגעכאפּט זיך פון אָסטראכאן קיין באקו, און פונדאָרטן קיין
טיפליס. דאָרטן האָט אים ארעסטירט די רעגירונג פון די גרו־
זינישע מענשעוויקעס און ארײַנגעזעצט אין מעטעכער שלאָס.
ווידעראמאָל דער מעטעכער שלאָס. אינגיכן איז אים געלונ־
גען אנטלויפן פונדאָרט. ער האָט ווידער אריבערגעשיפט דעם

קאספישן יאם אף א שיפל און זיך צוריקגעקערט אין דעם סאָ־וועטישן אסטראכאן.

אין 1920־טן יאָר האָט קאמאָ באשלאָסן אונטערצורײַסן דע־ניקינס מאכט. ער האָט צונויפגעשטעלט פּלענער, וויאזוי אופ־רײַסן און אונטערצינדן די אינטענדאנטישע סקלאדן, די זאוואָדן, וואָס האָבן געארבעט אף דער ווײַסגווארדיישער ארמיי, די אײַזנבאן־בריקן און די פּולווער־סקלאדן.

זײַן פּראָיעקט איז געווען נאָענט צום פארווירקלעכן, נאָר אין דער צײַט האָבן די ווײַסע ארמייען אונטער די קלעפּ פון בו־דיאָנעס רײַטעריע אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן אף דאָרעם. און אין עטלעכע כאדאָשים ארום איז קאמאָ געקומען צו פאָרן קיין טיפ־ליס, וואָס איז ערשט באפרײַט געוואָרן פון דער רעגירונג פון די גרוזינישע מענשעוויקעס.

די פארטיי האָט איבערגעוואָרפן קאמאָ אף סאָוועטישער אר־בעט, וועלכע ער האָט אויסגעפילט פּונקט מיט אזא ענערגיע און ליבע, ווי די עקספּראָפּריאציעס, די אונטערגראָבונגען אונ־טער קאזנאטשייסטוועס און דאָס באפרײַען כאוויירים פון די טורמעס.

און אין א שטיקל צײַט ארום האָט ער, לויט לענינס אייצע, זיך גענומען גרייטן צום עקזאמען אין דער אקאדעמיע פונעם גענעראל־שטאב. קאמאָ האָט אָנגעקויפט לערנביכער און האָט זיך אוועקגעזעצט צו די ביכער. נאָר אויספילן לענינס אייצע איז אים ניט אויסגעקומען.

---

אין יולי כוידעש 1922־טן יאָר האָט זיך פונעם וועריִער בארג־אראָפּ, וואָס פירט צום טײַך קורא, אראָפּגעלאָזט א מענטש אף א וועלאָסיפּעד. ס'איז געווען הייס און פינצטער. פונפאָרנט הז[illegible] אונטן לאנגזאם געשרטאָמט, צעשנײַדנדיק טיפליס אף דער־

האלב, דער טײַך. הינטער דעם וועלאָסיפּעד האָט גערעדערט און געשאָקלט זיך מיט א טראסק א טראנספּאָרט־אווטאָמאָביל. אפּדערמיט פונעם בארג־אראָפּ האָט די מאשין פארשנעלערט דעם גאנג. דעם שאָפער האָט זיך דער וועג אויסגעוויזן פרײַ.

דער שאָפער האָט גענומען שנעלקײַט, אײַנקוקנדיק זיך אין נעם שליאך, וואָס ציטערט און טאנצט אינעם זײַל פון שײַן, און פלוצים האָט ער באמערקט, אז איבערן שליאך באוועגט זיך א וועלאָסיפּעדיסט. דער שאָפער האָט א דריי געטאָן דעם רול, קעדיי אויסמײַדן דעם וועלאָסיפּעדיסט, אָבער צו־שפּעט: עפּעס האָט פלוצים געגעבן א שטויס און א הייב אונטער דעם אווטאָמאָביל.

דער שאָפער האָט אָפּגעשטעלט די מאשין און אײַנגעקוקט זיך אין דער פינצטערניש. ס'איז געווען שטיל. נאָר פונדער־ווײַטן, ערגעץ פון יענער זײַט טײַך, האָט זיך דערטראָגן דער רויש פונעם טראמוויי.

דער שאָפער האָט שוין געוואָלט פאָרן ווײַטער, נאָר פלוצים האָט ער דערהערט א שוואכן קרעכץ און אלץ פארשטאנען: דער וועלאָסיפּעדיסט איז ארונטערגעפאלן אונטער די רעדער פון דער מאַשין. דער שאָפער איז ארויסגעשפּרונגען פון דער מא־שין. אפן מיטן שליאך האָט זיך געוואלגערט דער וועלאָסיפּעד, און ניט ווײַט פון אים איז געלעגן א מענטש, מיטן פּאָנעם אײַנגעגנורעט אינעם שטויביקן וועג. ער האָט שוואך געקרעכצט.

אין צען מינוט ארום איז דער צעהארגעטער מענטש צוגע־שטעלט געוואָרן אינעם נאָענסטן שפּיטאָל, און שפּעטער מיט צוויי שאָ האָט דער דאָקטער, וואָס האָט געגעבן די ערשטע הילף דעם גאַליטענעם, ראפּאָרטירט דעם מיטגליד פון ראט־פּאָלקאָם, וועלכער איז אײַליק געקומען צו לויפן פון עפּעס א זיצונג, אז די לאגע פונעם צעקוועטשטן איז האָפענונגלאָז. דער אָטעם האָט ניט געסטײַעט, דער פּולס שטעלט זיך אָפּ און קאַ־מאָ שטארבט.

---